# דאס יארהונדערט

## פון דעם

# פאלקס-מענטש

צוויי רעדעס פון

## הענרי א. וואלאַס

וויס-פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן

אילוסטרירט פון

הוגאָ געלערט

אָנערקענונג:

אַ רעדע געהאַלטן פאַר דער „פרי וואָרלד אַסאָסיאיישאָן", ניו יאָרק, מאַי 8, 1942.

אַ רעדע געהאַלטן פאַרן קאָנגרעס פון אַמעריקאַנער־סאָוועטישער פריינטשאַפט, ניו יאָרק, נאָוועמבער 8, 1942.

# דאָס יארהונדערט

פון דעם

# פאָלקס-מענטש

צוויי רעדעס פון

## הענרי א. וואַלאַס

ווייס-פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן

אילוסטרירט פון

הוגאָ געלערט

JEWISH-AMERICAN SECTION
INTERNATIONAL WORKERS ORDER
NEW YORK

# פאָרוואָרט

אין אַט דער מלחמה פון גאַנצן ערד־קוגל איז דער פשוטער מענטש דער ערשטער אין קאַמף און אין דער פּראָדוקציע. די כחות וואָס אַרבעטן פאַר אים זיינען אומגעהויער. עס ווירקן באַוועגונגען און אידייעס, וואָס האָבן אויסדרוק אין — קראַפט. מען זאָגט, אַז דעם פאָלקס אַ מלחמה איז ניט קיין פוסטער קאַמף. אָדער די פיר פרייהייטן וועלן איבערבויען די מאָדערנע וועלט, בעת קאָנטינענטן הערן זיך צו איינער צום אַנדערן טאָג־און־נאַכט און מענטש פליט איבער די אָקעאַנען טאָג־נאָך־טאָג, און אויב נישט קאָן דער מענטש פון אונדזער צייט ניט האָפן און ניט דערוואַרטן מער ווי אַ וועלט־מלחמה פאַר יעדן דור.

אין אַט־דער רעדע פון הענרי א. וואָלאַס וועט איר געפינען דעם ענטפער צו דעם „ווי אַזוי" און „פאַרוואָס" דאָס איז אַזוי. ער קאָן די מאָדערנע טעכנאָלאָגיע, און זיין דערפינדונג פון אַ נייעם קאָרן איז אַ טייל פון איר. אים איז אויך באַקאַנט אַ גרויסע אידייע, אַרום וועלכער מענטשן קאָנען זיך צונויפזאַמלען.

אויב עס דוכט זיך, אַז ער מאַכט גרויסע צוזאָגן, איז עס דערפאַר, ווייל ער האָט גרויסע האָפענונגען און אַ טיף געבעט אין האַרצן. ווי דאָס וואָרט פון אַ מענטש, שטייט זיין וואָרט העכער פון פּאַרטייאישע צילן און קליינלעכע אַמביציעס. ווי אַ רעדע, גיט זי זיך אָפּ מיט דער לעבעדיקער געשיכטע און דער מענטש וועט זי לאַנג געדענקען.

**קאַרל סאַנדבורג.**

# אַרײַנפֿיר

עס פֿאַלט טײלמאָל אױס אױפֿן גורל פֿון אײן באַגאַבטן מענטשן, אַז ער זאָל אױסדריקן די געדאַנקען און די טיפֿסטע שטרעבונגען פֿון מיליאָנען פּשוטע מענטשן, פֿון װעלכע איך בין אײנער.

װען דאָס פּאַסירט — און עס פּאַסירט ניט אָפֿט — װערן זײַנע װערטער געהערט איבער דער גאָרער ערד, און דער גאַנג פֿון דער געשיכטע בײַט זיך.

לױט מײַן מײנונג, איז די גרױסע רעדע פֿון װײס־פּרעזידענט הענרי א. װאָלאַס, אין װעלכער ער האָט אױסגעלײגט דעם פּלאַן פֿאַרן יאָרהונדערט פֿון פּשוטן מענטשן, אַזאַ היסטאָרישע דעקלאַראַציע.

איך רעקאָמענדיר יעדן אײנעם, װעלכער גלױבט, אַז מיר קאָנען בױען אַ בעסערע װעלט, אױב מיר זאָלן נאָר קאָנען איבערזעצן אונדזערע טיפֿסטע אַספּיראַציעס אין מעשים, ער זאָל די רעדע פֿאָרזיכטיק און מיט סימפּאַטיע שטודירן.

אין נאָמען פֿון די 600,000 מיטגלידער פֿון דער „יונײַטעד אױטאָמאָביל װאָירקערס אָװ אַמעריקע" (סי. אײ. אָ.), די גרעסטע אַרבעטער־יוניאָן אין די פֿאַראײניקטע שטאַטן, סאַלוטיר איך הענרי א. װאָלאַס פֿאַר זײַן היסטאָרישן בײַטראָג צום מענטשלעכן געדאַנק, װי אַזױ צו פֿאַרבעסערן דאָס לעבן.

ר. דזש. טאָמאַס, פּרעזידענט,
„יונײַטעד אױטאָמאָביל װאָירקערס אָװ אַמעריקע" (סי. אײ. אָ.)

# די נייע דעמאָקראַטיע

(הויך־פּונקטן פון דער רעדע פון הענרי א. וואַלאַס,

געהאַלטן דעם 8טן נאָוועמבער, 1942.)

אויפן קאָנגרעס פאר אמעריקאנער־סאָוועטישער פריינטשאַפט (זונטיק, דעם 8טן נאָוועמבער, 1942, אין מעדיסאָן סקווער גארדן, ניו יאָרק), האָט וויס־פּרעזידענט וואַלאַס נאָך מער אויסגעברייטערט זיין געדאַנק ,וואָס ער האָט ארויסגעבראכט אין דער רעדע וועגן „יאָרהונדערט פון פּשוטן מענטשן".

נאָך דעם ווי וויס־פּרעזידענט וואַלאַס האָט אין וואַרעמע ווערטער אָפּ־געשאַצט דעם העראָאישן בייטראָג, וואָס דאָס רוסישע פאָלק און זיין רויטע ארמיי האָבן געמאַכט פאר דעם קאַמף פון די פאַראייניקטע פעלקער, האָט מר. וואַלאַס דערקלערט: „עס איז נישט קיין צופאַל, אז אמעריקאנער און רוסן געפעלן איינער דעם אנדערן, ווען זיי באַקענען זיך בעסער. ביידע פעלקער זיינען געפּורעמט געוואָרן אין דער גרויסער רחבות פון א רייכן קאָנטינענט."

מר. וואַלאַס האָט געזאָגט, אז „א דאַנק דעם דורשט נאָך פּראָגרעס, וואָס דאָס רוסישע פאָלק האָט פאַרמאָגט, זיינען די רוסן געווען בכח זיך אויס־לערנען אין 25 יאָר דאָס, וואָס האָט אונדז אין אמעריקע גענומען א יאָר־הונדערט צו דערגרייכן".

דער וויס־פּרעזידענט האָט באַוויזן, אז „דער בונד צווישן דעם סאָ־וועטישן און דעם אמעריקאנישן פאָלק איז ניט בלויז א פאַרבאַדינג פאַרן זיג איבערן פאַשיזם, נאָר איז אויך א פאַרבאַדינג פאר דער אויפשטעלונג פון דער נאָך־מלחמה־וועלט פאַרן פּשוטן מענטשן. דאָס ערשטע ווערט באַ־שטעטיקט דורך די גרויסע קרבנות, וואָס דאָס רוסישע פאָלק האָט שוין געבראַכט פאר דעם אַלגעמיינעם קאַמף; דאָס לעצטע שטיצט זיך אויף די אָנשטרענגונגען פון ביידע פעלקער פאר דעמאָקראַטיע און עקאָנאָמישער זיכערקייט."

מר. וואַלאַס האָט ווייטער גערעדט וועגן פּאָליטישער, עקאָנאָמישער און עטנישער דעמאָקראַטיע. עטנישע דעמאָקראַטיע, האָט ער פּאַרטייטשט, „איז, לויט מיין אָפּשאַצונג, א לעבנס־נויטווענדיקייט פאר דער נייער דעמאָקראַטיע, די דעמאָקראַטיע פון דעם פּשוטן מענטשן. עטנישע דעמאָקראַטיע מיינט פּשוט, אז די פאַרשיידענע ראַסן און עקאָנאָמישע גרופּעס מוזן קריגן גלייכע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן.

„דער פּרינציפּ פון עטנישער דעמאָקראַטיע איז געווען די באַזע פאַר פּרעזידענט רוזוועלטס פּאַראָרדענונג, וואָס פאַרווערט ו'אַסן־דיסקרימינאַציע ביים אָנשטעלן אַרבעטער אין דער אינדוסטריע פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג. רוסלאַנד איז מסתמא אַוועק ווייטער ווי וועלכעס עס איז אַנדער פּאָלק אויף דער וועלט אין איר אָנווענדונג פון עטנישער דעמאָקראַטיע. מיר קאָנען אַ סך לערנען פון די רוסן, ווייל אומגליקלעכערווייז האָבן די אַנגלאָ־זאַקסן געהאַט אַזאַ מין באַציאונג צו אַנדערע ראַסן, וואָס האָט זיי געמאַכט אויסערגעוויינלעך אומבאַליבט אין אַ סך ווינקלען פון דער ערד. מיר" — האָט מר. וואַלאַס דערקלערט — „מיר האָבן זיך ניט דערקייקלט צו דער וואַנזיניקער מדרגה פון נאַציזם מיט (לעגענדע) וועגן ראַסן־סופּעריאָריטעט, אָבער מיר האָבן גענוג געזינדיקט און אונדזערע זינד האָבן אונדז געקאָסט צענדליקער טויזנטער ווערטפולע לעבנס. עטנישע דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל קומען פון גאַנצן האַרצן, איז די גרעסטע נויטווענדיקייט צו ראַטעווען די אַנגלאָ־זאַקסישע טראַדיציע."

נאָך דעם האָט מר. וואַלאַס אויסגעשטעלט דערציאונג ווי אַ פערטע דעמאָקראַטיע. ער האָט געזאָגט, אַז „אַ דאַנק דעם, וואָס סטאַלין האָט אָנגעווענדט זיין פולע ענערגיע צו אַנטוויקלען די דערציאונג־דעמאָקראַטיע, איז רוסלאַנד איצט בכח זיך אַנטקעגנשטעלן דייטשלאַנד. אין משך פון לאַנגע דורות האָט דאָס רוסישע פּאָלק געדורשט זיך אויסצולערנען לייענען און שרייבן, און ווען לענין און סטאַלין האָבן זיי נאָר געגעבן די מעגלעכקייט האָבן זיי זיך אין משך פון איין דור געביטן פון אַ פּאָלק מיט 90 פּראָצענט בעזגראַמאָטנע אין אַ פּאָלק פון וועלכן 90 פּראָצענט קאָנען לייענען און שרייבן. רוסלאַנד באַוואונדערט זייער שטאַרק די אַמעריקאַנער סיסטעם פון טעכנישער דערציאונג און פּאָלקס־ביבליאָטעקן. אויב זי זאָל קאָנען אין די קומענדיקע צוואַנציק יאָר ווייטער אָנגיין מיט דער אַנטוויקלונג און מיט דעם פּראָגרעס, וואָס זי האָט געמאַכט די פאַרגאַנגענע צוואַנציק יאָר, וועט זי איבעריאָגן די פאַראייניקטע שטאַטן."

מר. וואַלאַס האָט נאָך דעם גערעדט וועגן אַ פינפטער דעמאָקראַטיע — די דעמאָקראַטיע פון די געשלעכטער... „די מלחמה־דערפאַרונג פון רוסלאַנד האָט קלאָר באַוויזן, וואָסער פולשטענדיקער דורכפאַל מיר זיינען געווען... מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן ווייט ניט אין דער זעלבער מאָס ווי די רוסן געשעפּט פון דעם ריזיקן רעזערוו, וואָס מיר האָבן אין אונדזערע פרויען, אָבער איידער די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן, וועלן מיר מסתמא זיין געצוואונגען געבן אונדזערע פרויען זייער געלעגנהייט צו באַווייזן, אַז מיט דער נויטיקער צוגרייטונג זיינען זיי גלייך מיט די מענער אין מערסטע אַרבעטן."

מר. וואלאס האט דערקלערט, אז „די אלטע רעמאָקראטיע .האט ניט געדינט ווי א גאראנטיע פון שלום ; די נייע דעמאָקראטיע, אין וועלכער די פעלקער פון די פאראייניקטע שטאטן און רוסלאנד זיינען אזוי טיף פאר־אינטערעסירט, מוז אונדז אזא גאראנטיע געבן... די גרייטקייט אונטער־צושטיצן א וועלט־סיסטעם אָפצוהיטן דעם וועלט־שלום דורך גערעכטיקייט, געשטיצט אויף נויטיקער מאכט, איז פונדאמענטאל פאר דער דעמאָקראטיע פון דעם פשוטן מענטשן אין אָט־דער צייט פון עראָפּלאנען."

צום סוף פון זיין רעדע האט דער וויס־פּרעזידענט באהויפּטעט : „די נייע דעמאָקראטיע איז לויט איר סאמע איינשטעלונג א שונא פון אימ־פּעריאליזם, און לויט איר סאמע איינשטעלונג טראכט זי אין אינטער־נאציאָנאלע טערמינען און איז אומגעהויער פאראינטערעסירט צו הויבן די פּראָדוקטיוויטעט און דורך דעם דעם לעבנס־סטאנדארד פון אלע פעלקער פון דער וועלט. אויפן ערשטן פּלאץ קומט טראנספּאָרטאציע, נאָך דעם פאָלגט נאָך א פארבעסערטע אגריקולטור, אינדוסטריאליזאציע און דאָרפישע עלעקטריפיקאציע. די גרויסע עראָפּלאנען און די געשולטע פּילאָטן, וואָס מיר וועלן פארמאָגן, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן אונדז אריינפירן אין א זעלטענער צוקונפט אריין אזוי זיכער ווי נאָך דער נאכט קומט דער טאָג. מיר קאָנען פון איר מאכן א צוקונפט פון א נייער דעמאָקראטיע געבויט אויפן יסוד פון שלום. און ווי מאָלאָטאָוו האט אזוי קלאָר אָנגעוויזן, קאָן אָט־די בראַווע פרייע וועלט, וואָס דארף קומען, ניט געשאפן ווערן בלויז פון די פאראייניקטע שטאטן און פון רוסלאנד.

„קיין שום ספק ניט, אז כינע וועט אויסאיבן א שטארקן איינפלוס אויף דער וועלט, וואָס וועט ארויסקומען פון דער מלחמה, און ביים אויסאיבן דעם איינפלוס איז זייער מעגלעך, אז די פּרינציפּן פון סון יאט סען וועלן זיין אזוי באדייטנדיק ווי די פון וועלכן עס איז אנדערן מאָדערנעם שטאטסמאן."

וויס־פּרעזידענט וואלאס האט פארענדיקט מיט די ווערטער : „כדי די פאראייניקטע פעלקער זאָלן אויף א ווירקזאמען אופן דינען דער וועלט, איז עס פון לעבנס־נויטווענדיקייט, אז די פאראייניקטע שטאטן און רוסלאנד זאָלן זיין אין פולער הסכמה וועגן די רודימענטן פון א דויערנדיקן שלום, וואָס שטיצט זיך אויף די שטרעבונגען פון דעם פשוטן מענטשן. איך בין דאָ מיט אייך היינט נאָכמיטאָג, כדי אייך צו זאָגן, אז איך גלויב, אז די אמערי־קאנער און רוסישע פעלקער קאָנען און וועלן אויסאיבן זייער איינפלוס, כדי אויפצובויען א נייע דעמאָקראטיע, וואָס וועט ווערן די האָפענונג פון דער גאנצער וועלט."

# אַ פרייע וועלט אָדער אַ שקלאַפן־וועלט?

מיר, וועלכע פאַרטרעטן — פאָרמעל אָדער ניט־פאָרמעל — מערסטע פון די פרייע פעלקער פון דער וועלט, זיינען זיך היינט דאָ צוזאַמענגעקומען אין די אינטערעסן פון די מיליאָנען מענטשן פון אַלע פעלקער, וועמען פרייהייט איז טייער. מיר דוכט זיך, אַז אונדזער היינטיקער צוזאַמענקונפט האָט בלויז איין ציל: לאָזן וויסן אָט־די מיליאָנען אין די אַנדערע לענדער, אַז דאָ ביי אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן געפינען זיך 130 מיליאָן מענער, פרויען און קינדער, וועלכע שטייען איצט אין אָט־דער מלחמה ביזן סאַמע סוף. דאָס אַמעריקאַנער פאָלק איז מיט זיין גאַנצן ווילן אַנטשלאָסן אָנצוגיין מיטן קאַמף, ביז מיר וועלן זיין בכח אָן רחמנות דערלאַנגען דעם שונא אַזעלכע קלעפּ, וואָס וועלן פאַרזיכערן אַ פולשטענדיקן זיג, און מיטן זיג ברענגען אַ נייעם טאָג פאַר אַלע מענטשן פון דער גאַנצער ערד, וואָס האָבן ליב פרייהייט

דאָס איז אַ קאַמף צווישן אַ שקלאַפן־וועלט און אַ פרייער וועלט. פונקט ווי די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אין 1862 ניט געקאָנט בלייבן האַלב־פאַרשקלאַפט און האַלב פריי, אַזוי מוז די וועלט אין 1942 ענדגילטיק אַנט־שליסן, אַז דער איצטיקער קאַמף ווערט געפירט ביז אַ פולשטענדיקן זיג פון איין צד אָדער דעם צווייטן.

בעת מיר טרעטן אַריין אין די לעצטע שטופּעס פון אָט־דעם קאַמף אויף לעבן און טויט צווישן דער פרייער וועלט און דער שקלאַפן־וועלט, איז כדאַי אָפּצופרישן אין אונדזער זכרון ווי אַזוי די פרייהייט פאַר דעם פּשוטן מענטשן איז אַנטשטאַנען און האָט זיך אַנטוויקלט. די אידייע פון פרייהייט — די פרייהייט, וואָס מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן קאָנען אַזוי גוט און האָבן אַזוי ליב — שטאַמט אָפּ פון דער ביבל, וועלכע שטרייכט אַזוי שטאַרק אונטער די ווירדע פון יעדן מענטשן. דעמאָקראַטיע איז דער איינציקער אמתער פּאָליטישער אויסדרוק פון קריסטנטום.

# דער אלף-בית פון דעמאָקראַטיע

די אַלטע אידישע נביאים פון תנך זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געפּריידיקט סאָציאַלע גערעכטיקייט. אָבער דאָס וואָס די נביאים האָבן פאַר־שטאַנען א סך יאָרהונדערטער פאַר קריסטוסן, דאָס האָט ניט געקראָגן דעם פולן אויסדרוק אין לעבן ביז אונדזער פעדעראַלע מלוכה איז געשאַפן געוואָרן מיט 150 יאָר צוריק. אָבער אַפילו דעמאָלט האָט זיך דער פאָרשריט פון פּשוטן מענטשן ערשט אָנגעהויבן. ס'רוב מענטשן פון פאָלק האָבן נאָך ניט געקאָנט לייענען און שרייבן. עס זיינען נאָך ניט געווען קיין פאָלק־שולן, וואו אַלע קינדער זאָלן זיך קאָנען לערנען. מענער און פרויען קאָנען ניט זיין אויף אַן אמת פריי ביז זיי האָבן ניט גענוג צו עסן און גענוג צייט און פיאיקייט צו לייענען, צו דענקען און זיך דורכרעדן וועגן ענינים, וואָס גייען זיי אָן. אין לויף פון די יאָרן האָט דאָס פאָלק פון די פאַראייניקטע שטאַטן כסדר פּראָגרעסירט אין זיין אָנווענדונג פון דעמאָ־קראַטיע. א דאַנק דער אַלגעמיינער בילדונג, קאָנען איצט די מענטשן פון פאָלק לייענען און שרייבן און שאַפן זייערע אייגענע מיינונגען. זיי האָבן געלערנט און לערנען נאָך איצט די קונסט פון פּראָדוקציע — דאָס מיינט, ווי צו מאַכן א לעבן. זיי האָבן געלערנט און לערנען נאָך איצט די קונסט פון זעלבסט־רעגירונג.

אויב מיר וואָלטן געמאָסטן פרייהייט מיט דער מאָס פון דערנערונג, בילדונג און זעלבסט־רעגירונג, וואָלטן מיר באַדאַרפט שעצן די פאַראייניקטע שטאַטן און געוויסע לענדער פון מערב־אייראָפּע זייער הויך. אָבער דאָס וואָלט ניט געווען יושרדיק צו אַנדערע לענדער, אין וועלכע בילדונג איז געוואָרן א ברייט־פאַרשפּרייטע דערשיינונג ערשט אין די לעצטע צוואַנציק יאָר. אין א סך לענדער האָבן — בלויז מיט איין דור צוריק — ניין פון יעדע צען מענטשן פון פאָלק ניט געקאָנט לייענען און שרייבן. אַזוי, למשל, איז דאָס רוסישע פאָלק אין משך פון איין איינציקן דור פאַרוואַנדלט געוואָרן פון א ניט־געראַמאָטנער מאַסע אין אַן איווערעדיק און קענעוודיק פאָלק, און אין אָט־דעם פּראָצעס פון לערנען איז אומגעהויער געשטיגן רוסלאַנדס אָפּשאַצונג פון פרייהייט. אין כינע איז דער וואוקס פון פאָלקס פיאיקייט צו לייענען און שרייבן די לעצטע דרייסיק יאָר געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט א וואַקסנ־דיקן אינטערעס אין אמתער פרייהייט.

# דאָס פאָלק לערנט זיך טראַכטן און אַרבעטן צוזאַמען

אומעטום ווערט דאָס לייענען און שרייבן באַגלייט מיט אינדוסטריעלן פאָרשריט, און אינדוסטריעלער פאָרשריט ברענגט מיט זיך פריער אָדער שפעטער א שטאַרקע ארבעטער־באַוועגונג. פון א היסטאָרישן און פונ־דאַמענטאַלן שטאַנדפונקט זיינען ניטאָ קיין צוריקגעשטאַנענע פעלקער, וועלכע זאָלן ניט האָבן קיין געפּיל פאַר טעכניק. רוסן, כינעזער און אינדיאַנער, סיי אין אינדיע און סיי אויפן אמעריקאַנער קאָנטינענט — אַלע לערנען זיי זיך אויס לייענען און שרייבן און אָפּערירן מאַשינען, פּונקט אזוי גוט ווי אייערע און מיינע קינדער. אומעטום גייען די מענטשן פון פאָלק פאָראויס. די פּשוטע מענטשן לערנען זיך אויס דענקען צוזאַמען, און ארבעטן צוזאַמען אין ארבעטער־באַוועגונגען, וואָס כאָטש טייל פון זיי קאָנען זיך זיין עקסטרעם און אומפּראַקטיש פון אָנהויב, וועלן זיי אָבער מיט דער צייט אָנהויבן ווירק־זאַם צו דינען די אינטערעסן פון דעם פּשוטן מענטשן.

# די וועלט גייט פֿאַראויס

ווען דאָס פֿרייהייט־ליבנדיקע פֿאָלק באַוועגט זיך — ווען די פֿאַרמערס האָבן די מעגלעכקייט צו קויפֿן לאַנד אויף א צוגענגלעכן פּרייז און צו פֿאַרקויפֿן, דורך זייערע אָרגאַניזאַציעס, די פּראָדוקטן פֿון זייער ערד; ווען די אַרבעטער האָבן די מעגלעכקייט צו שאַפֿן יוניאָנס און דורך זיי אָנפֿירן קאָלעקטיווע פֿאַרהאַנדלונגען; און ווען די קינדער פֿון גאַנצן פֿאָלק האָבן די מעגלעכקייט צו באַזוכן שולן, וועלכע לערנען זיי דעם אמת וועגן דער וועלט, אין וועלכער זיי לעבן, — ווען אָט־די מעגלעכקייטן זיינען אָפֿן פֿאַר אַלעמען, דאַן גייט די וועלט גלייך פֿאָראויס.

# די קללה פון דער מאָדערנער וועלט

אָבער אין די לענדער, וואו די מעגלעכקייט צו לייענען און שרייבן איז ערשט ניט לאַנג צוריק דערגרייכט געוואָרן, אָדער וואו דאָס פאָלק האָט געהאַט ווייניק דערפאַרונג אין רעגירן זיך אַליין לויט זייער אייגענער פאַרשטענדעניש, אין די לענדער איז לייכט פאַר דעמאַגאָגן אויפצושטיין און צו פאַרגוואַלטיקן דעם געדאַנק פון די פּשוטע מענטשן צוליב די נידערטרעכטיקע צילן פון דעמאַגאָגן. אַזאַ דעמאַגאָג קאָן קריגן פינאַנציעלע שטיצע פון אַ רייכער פּערזאָן, וועלכער טראַכט ניט און ווייס ניט, וואָס פון דעם אַלעם וועט שפּעטער אַרויסקומען. מיט דער פינאַנציעלער הילף קאָן דער דעמאַגאָג באַהערשן די מוחות פון דעם פאָלק און ער קאָן זיי אַוועקפירן פון דעם ביסל פרייהייט, צו וועלכער זיי האָבן זיך דערשלאָגן, צו דער שענדלעכסטער שקלאַפעריי. הער טיסען, דער רייכער דייטשער שטאָל־מאַגנאַט, האָט ווייניק וואָס געוואוסט וואָס ער האָט געטאָן, בשעת ער האָט געגעבן היטלערן געווּנג געלט, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שפּילן אויף די געפילן פון דעם דייטשישן פאָלק. דער דעמאַגאָג איז די קללה פון דער מאָדערנער וועלט, און פון אַלע דעמאַגאָגן זײַנען די ערגסטע די, וועלכע ווערן פינאַנסירט פון גוט־מיינענדיקע רייכע לייט, וועלכע גלויבן מסתמא ערלעך, אַז זייער רייכטום וועט זיין געזיכערט, אויב זיי וועלן קאָנען דיגגען מענטשן מיט פּאָליטישן „שיק", וועלכע זאָלן צוריקדרייען פאַר זיי דאָס ראָד פון דער געשיכטע און צוריקפירן דאָס פאָלק צו דער סאַמע שענדלעכסטער שקלאַפעריי. צום אומגליק פאַר די רייכע לייט, וועלכע פינאַנסירן אַזעלכע באַוועגונגען, און צום אומגליק פון די פאָלקס־מאַסן איז דער דערפאָלגרייכער דעמאַגאָג אַ מעכטיקער שד, וואָס קוים לאָזט מען אים נאָר איין מאָל אַראָפּ פון בוידעם, זאָגט ער זיך אָפּ אויס־צופאָלגן ווען עס איז באַפעל. אַזוי לאַנג ווי זיין כח איבער די מאַסן האַלט אָן, שטעלט ער זיך קעגן גאָט אַליין, און דער אשמדאי באַלעבאַטעוועט איבער דער וועלט.

# די תורה פון פינצטערניש

מיט דער הילף פון די פירער פון דער נאַצי־איבערקערעניש פּרובירט איצט דער טייוול צוריקצופירן דעם פּשוטן מענטשן פון דער גאַרער וועלט צו שקלאַפעריי און פינצטערניש. ווייל דער נאַקעטער, שווידערלעכער אמת איז דאָך, אַז די גוואַלדזאַמקייט, וואָס ווערט געפּריידיקט פון די נאַצים, איז דעם טייוולס העסלעכע רעליגיע פון פינצטערניש. אַזוי איז אויך די תורה, אַז איין ראַסע אָדער איין קלאַס האָט באַקומען בירושה די סופּעריאָריטעט איבער די אַנדערע, אַז אַלע אַנדערע ראַסן אָדער קלאַסן דאַרפן דעריבער זיין זיינע שקלאַפן. דער גלויבן אין איין פירער, וועלכער קריגט זיין אינספּיראַציע פון דעם טייוול אַליין, איין פירער מיט זיינע קוויזלינגס, זיינע לאַוואַלס און זיינע מוסאָלינים — זיינע גאַולייטערס אין יעדן לאַנד אין דער וועלט — איז דער אויסדרוק פון סאַמע טיפסטן חושך, צו וועלכן דער מענטשלעכער געדאַנק האָט זיך דערקייקלט.

איז דען פאַראַן אַ שטאַפּל אין גיהנום וואָס איז פּייערדיקער ווי זיין אַ קוויזלינג, סיידן — זיין אַ לאַוואַל אָדער אַ מוסאָליני?

אין אַ צעדרייטן זין איז פאַראַן עפּעס, וואָס איז כמעט הערלעך אין דער פיגור פון אשמדאי, וועלכער אַנטפּלעקט זיך און טוט זיין שליחות אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, דורך אַ היטלער, וועלכער האָט דעם קופּערנעם שטערן צו שפּייען אין פּנים פון גאָט און מענטש. אָבער — די נאַצישע סיסטעם האָט אַ העלדן־טראָן בלויז פאַר איין פירער. לויט דער נאַצישער אויסטייטשונג, האָט בלויז איין מענטש דאָס רעכט צו בלייבן דער פול־שטענדיקער באַלעבאָס איבער זיין אייגענער נשמה. אַלע אַנדערע זיינען אונטערשטופּער (סטודזשעס); אונטערשטופּער, וועלכע זיינען גייסטיק און פּאָליטיש דעגראַדירט געוואָרן, און וועלכע פילן, אַז זיי קאָנען זיך אָפּרעכענען מיט דער וועלט, בלויז דורך דעם, וואָס זיי וועלן גייסטיק און פּאָליטיש דער־נידעריקן אַנדערע מענטשן. אָט־די אונטערשטופּער זיינען אין דער אמתן פּסיכאָפּאַטן. דער טייוול האָט אויף אונדז אָנגעריצט און לויז נעלאָזט דאָס משוגעים־הויז.

# פאָראויס צום ליכט

דער מאַרש פון פרייהייט די לעצטע 150 יאָר איז געווען איין לאַנגע פאָלקס־רעוואָלוציע. אין אָט־דער גרויסער פאָלקס־רעוואָלוציע זיינען געווען: די אמעריקאַנער רעוואָלוציע פון 1792, די לאַטיין־אמעריקאַנער רעוואָלוציעס פון דער באָליוואַר־צייט, די דייטשע רעוואָלוציע פון 1848 און די רוסישע רעוואָלוציע פון 1917. יעדע פון זיי האָט גערעדט אין נאָמען פון דעם מענטשן פון פאָלק, גערעדט מיט בלוט אויפן שלאַכטפעלד. טייל האָבן אריבערגעכאַפּט די מאָס. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס דאָס פאָלק האָט דורך זיי געזוכט דעם וועג צו ליכט. מער מענטשן פון פאָלק האָבן זיך אויס־געלערנט דענקען און אַרבעטן צוזאַמען.

די פאָלקס־רעוואָלוציע שטרעבט צו ברענגען שלום און ניט קיין גוואַלד־טאַט. אויב אָבער די רעכט פון דעם פּשוטן מענטשן ווערן אָנגעגריפן, דעמאָלט דערוועקט זיך דער צאָרן פון אַ מוטער־בער, וואָס מ׳האָט ביי איר צוגענומען איר זויגלינג. ווען די נאַצישע פּסיכאָלאָגן זאָגן זייער מייסטער היטלערן, אַז מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן קאָנען טאַקע פּראָדוצירן הונדערטער טויזנטער עראָפּלאַנען, נאָר אַז מיר האָבן ניט דעם ווילן צו קעמפן, נאָרן זיי בלויז אָפּ זיך אַליין און זייער באַלעבאָס. דער אמת איז, אַז ווען די רעכט פון אַמעריקאַנער פאָלק ווערן פאַרלעצט, ווי זיי זיינען איצט פאַרלעצט געוואָרן, וועט דאָס אַמעריקאַנער פאָלק זיך שלאָגן מיט אַן אומ־רחמנותדיקן צאָרן, וואָס וועט פאַרטרייבן די טעווטאָנישע (ד. ה. דייטשישע—איבערזעצער) געטער צוריק אין זייערע היילן אריין. יאָ, די שעה פון געטער־דעמערונג (די שקיעה, דער אונטערגאַנג פון די געטער—איבערזעצער) האָט געשלאָגן פאַר אָדין (פירנדיקער טעווטאָנישער גאָט פון די אַלטע גערמאַנישע שבטים) און זיין באַנדע.

# די פיר פרייהייטן

דאָס פאָלק מאַרשירט צו נאָך מער פרייהייט, ווי די גליקלעכסטע מענטשן פון דער וועלט האָבן געגאָסן ביז איצט. קיין שום נאַציִשע קאָנטער־רעוואָלוציע וועט דעם מאַרש פון פאָלק ניט אָפּשטעלן. דער פּשוטער מענטש וועט אויסרויכערן די אונטערשטופּער פון היטלערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין לאַטיין־אַמעריקע און אין אינדיע. ער וועט פאַרניכטן זייער איינפלוס. אַ פרייע וועלט וועט ניט טאָלערירן קיין לאַוואַלס און קיין מוסאָליניס.

אין זיין דערלייזערישן און רעוואָלוציאָנערן גאַנג, מעגלעך צו מאַכן אַז עס זאָל זיך פונאַנדערבליען דאָ אויף אונדזער ערד די ווירדע פון דער מענטש־לעכער נשמה, האָט דאָס פאָלק אָנגענומען ווי זיין „אני מאמין" די פיר פריי־הייטן, וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט פּראָקלאַמירט אין זיין מעסעדזש צום קאָנגרעס דעם 6טן יאַנואַר, 1941. אָט די פיר פרייהייטן זיינען דער סאַמע תוך פון דער רעוואָלוציע, פאַר וועלכער די פאַראייניקטע פעלקער זיינען אַרויס־געטראָטן אויפן שלאַכטפעלד מיט געווער אין זייערע הענט. מיר, וועלכע וואוינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאָנען ביי זיך טראַכטן, אַז עס איז ניטאָ קיין סך רעוואָלוציאָנערישקייט אין דער פרייהייט פון רעליגיע, אין דער פרייהייט פון אויסדרוק, אין דער פרייהייט פון שרעק פאַר געהיים־פּאָליציי, אָבער ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אין דעם, וואָס עס מיינט פאַרן דורכשניט־לעכן מענטשן זיין פריי פון נויט, דעמאָלט הייבן מיר אָן צו פאַרשטיין, אַז די רעוואָלוציע פון די לעצטע 150 יאָר איז נאָך ניט קיין פולשטענדיקע, ניט דאָ ביי אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ניט אין קיין שום אַנדער לאַנד אין דער וועלט. מיר וועלן דאַן פאַרשטיין, אַז אָט־די רעוואָלוציע קאָן זיך ניט אָפּשטעלן ביז די פרייהייט פון נויט וועט דערגרייכט ווערן איבער דער ערד.

# די פליכטן פון אַ פרייען מענטשן

און איצט, בעת מיר דערנענטערן זיך צו דער פולער פארווירקלעכונג פון די פיר פרייהייטן פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע, וואָלט איך געוואָלט רעדן וועגן פיר פליכטן. עס איז מיין טיפער גלויבן, אז יעדע פרייהייט, יעדעס רעכט, יעדע פריווילעגיע האָט איר פרייז, און ווערט באַגלייט פון א באשטימטער פליכט, אָן וועלכער מען קאָן די פרייהייט ניט געניסן. די פיר פליכטן פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע, ווי איך זע זיי איצט, זיינען די פאָלגנדיקע:

1) די פליכט צו פראָדוצירן אין דער העכסטער מאָס.

2) די פליכט איבערצושיקן דאָס פּראָדוצירטע אַזוי שנעל ווי מעגלעך צו די שלאַכטפעלדער.

4) די פליכט צו בויען אַ פרידן — אַ גערעכטן, וואוילטעטיקן און דויערנדיקן פרידן.

די פערטע פליכט איז די, וואָס אינספּירירט אונדז דורכצופירן די ערשטע דריי.

# דאָס יאָרהונדערט פֿון דעם פּשוטן מענטשן

מיר זיינען דורכגעפאלן מיט אונדזער ארבעט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיר האָבן ניט געוואוסט, ווי אזוי מען טרעט־צו צו שאפן א דויערנ־דיקן אלוועלטלעכן פרידן. מיר האָבן ניט געהאט דעם מוט צו בלייבן אויס־געהאלטן און ניט דערלאָזן, אז דייטשלאנד זאָל זיך צוריק באוואָפענען. מיר זיינען ניט באשטאנען אויף דעם, אז זי זאָל „מער ניט לערנען קיין מלחמה״. מיר האָבן ניט געשאפן אזא שלום־אָפּמאך, וואָס זאָל זיך שטיצן אויף דעם פונדאמענטאלן פרינציפּ פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע. מיר האָבן ניט גע־שטרעבט מיטן גאנצן הארצן צו באשאפן א וועלט, אין וועלכער אלע פעלקער זאָלן זיין פריי פון נויט. אָבער פון אונדזערע טעותן האָבן מיר א סך גע־לערנט, און נאָך דער איצטיקער מלחמה וועלן מיר זיין בכוח אָנצוואווענדן אונדזער וויסן און בויען א וועלט אויף א געזונטן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און, איך האָף, אויך גייסטיקן פונדאמענט.

די מאָדערנע וויסנשאפט, וועלכע איז א ביי־פּראָדוקט און א וויכטיקער באשטאנד־טייל פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע, האָט געשאפן די טעכנאָלאָגישע מעגלעכקייט, אז אלע מענטשן פון דער וועלט זאָלן האָבן גענוג צו עסן. מיט א צייט צוריק האָב איך האלב אין שפּאס און האלב ערנסט געזאָגט דער מאדאם ליטווינאָוו: „דער ציל פון דער איצטיקער מלחמה איז צו פארזיכערן, אז יעדער מענטש אין דער וועלט זאָל האָבן די פּריווילעגיע צו טרינקען א קוואָרט מילך א טאָג.״

זי האָט געענטפערט: „יאָ, כאָטש א האלבן פּיינט״ (א פערטל קוואָרט).

דער שלום, וואָס וועט קומען, מוז ברענגען מיט זיך א בעסערן לעבנס־סטאנדארד פאר דעם פּשוטן מענטשן, ניט בלויז אין די פאראייניקטע שטאטן און אין ענגלאנד, נאָר אויך אין אינדיע, רוסלאנד, כינע און לאטיין־אמעריקע. ניט בלויז אין די לענדער פון די פאראייניקטע פעלקער, נאָר יאָ, אויך אין דייטשלאנד און איטאליע און יאפּאן.

טייל מענטשן רעדן וועגן דעם „אמעריקאנער יאָרהונדערט״. און איך זאָג, אז דאָס יאָרהונדערט אין וועלכן מיר טרעטן איצט אריין — דאָס יאָר־הונדערט, וואָס וועט זיך אָנהייבן און ארויסוואקסן פון אָט־דער מלחמה — קאָן און דארף ווערן דאָס יאָרהונדערט פון פּשוטן מענטשן.

# אַלצדינג פאַרן אַלגעמיינעם וואוילזיין

מענלעך, אַז עס וועט אויספאַלן אויף אונדז אין אמעריקע אַנצודייטן די פּריוויהייטן און די פליכטן, לויט וועלכע דער פשוטער מענטש דאַרף לעבן. אין יעדן לאַנד דאַרף דער פשוטער מענטש זיך אויסלערנען בויען אויף אַ פּראַקטישן אופן און מיט זיינע אייגענע הענט זיינע אייגענע אינדוסטריעס. אין יעדן לאַנד דאַרף דער פשוטער מענטש זיך אויסלערנען פאַרגרעסערן זיין פּראָדוקטיוויטעט, אַזוי אַז ער און זיינע קינדער זאָלן לסוף זיין בכח צוריקצוצאָלן דער וועלט־געמיינדע אַלץ, וואָס זיי האָבן פון איר געקראָגן. קיין פאָלק וועט ניט האָבן דאָס פון־גאָט־געגעבענע רעכט צו עקספּלואַטירן אַנדערע פעלקער. אַלטע פעלקער וועלן האָבן די פּריווילעגיע צו העלפן אינגערע פעלקער אַרויפגיין אויף דעם וועג פון אינדוסטריאַליזאַציע, אָבער עס טאָר מער ניט עקזיסטירן קיין מיליטערישער אָדער עקאָנאָמישער אימפּעריאַליזם. די פירונגען פון דעם 19טן יאָרהונדערט וועלן מער ניט גילטן אין דעם פאָלקס־יאָרהונדערט, וואָס האַלט ביים אָנקומען.

אינדיע, כינע און לאַטיין־אַמעריקע האָבן אַ גרויסן חלק אין דעם פאָלקס־יאָרהונדערט. אין דער מאָס, וואָס זייערע פאָלק־מאַסן וועלן זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן און ווערן פּראָדוקטיווע באַנוצער פון מאַשינען, אין דער מאָס וועט זיך הויבן זייער לעבנס־סטאַנדאַרד, יאָ, זיך פאַרצווייפאַכן און פאַרדרייפאַכן. די מאָדערנע וויסנשאַפט, יוען זי וועט מיטן גאַנצן האַרצן אָנגעווענדט ווערן פאַרן אַלגעמיינעם וואוילזיין, וועט מיט זיך ברענגען אַ שפע פון וועלכער מיר קאָנען אפילו ניט חלומען. און די מאָדערנע וויסנשאַפט וועט מוזן באַפרייט ווערן פון דייטשער פאַרשקלאַפונג. אינטערנאַציאָנאַלע טראָסטן, וואָס דינען איצט דער אַמעריקאַנער גייציקייט און דער דייטשער לוסט נאָך מאַכט, זועלן מוז אָפּטרעטן דעם וועג. די נייע טראָסטן, וואָס וועלן זיך באַווייזן אין דער צייט פון קומענדיקן שלום, מוזן זיין אונטערגעוואָרפן צו אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנטראָל לטובת דעם פשוטן מענטשן, און גלייכצייטיק וועלן זיך די טראָסטן געפינען אונטער אַ פאַסיקן קאָנטראָל פון די באַטרעפנדיקע מלוכות. אויף אַזאַ אופן וועלן מיר זיין אין אַ לאַגע ניט צו דערלאָזן, אַז די דייטשן זאָלן ווידעראַמאָל אויפבויען אַ מעכטיקע קריגס־מאַשין, בעת מיר דרעמלען. ווען די אינטערנאַציאָנאַלע מאָנאָפּאָליעס וועלן געבראַכט ווערן אונטער קאָנטראָל, דעמאָלט וועט מעגלעך זיין, אַז נייע דערפינדונגען זאָלן באַדינען די גאַנצע מענטשהייט אָנשטאָט בלויז די אויסדערוויילטע, ווי איצט.

# מיר מוזן געווינען די שלאַכט פאַר פּראָדוקציע

יאָ, ווען די צייט פון שלום וועט קומען וועלן די בירגער פון דער וועלט אויף זיך האָבן אַ נייע פליכט: די סאַמע העכסטע פליכט מקריב צו זיין די מינדערוויכטיקע אינטערעסן פאַר די גרעסערע אינטערעסן פון דעם אַל־געמיינעם וואוילזיין. די, וועלכע וועלן פאַרפאַסן דעם פרידן, וועלן מוזן אין זינען האָבן די גאַנצע וועלט, ווייל עס טאָרן מער ניט זיין קיין פריווילעגירטע פעלקער. ווייל מיר אליין אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פונקט אַזוי ווייניק אַ הערן־ראַסע ווי די נאַציס זיינען עס. מען קאָן ניט בסדר אָנגיין מיט עקאָנאָמישער מלחמה־פירונג אָן דעם, אַז מען זאָל ניט צוגרייטן די זאָמען פאַר מיליטערישער מלחמה־פירונג. מיר מוזן אָנווענדן ביים שלום־טיש אַלע אונדזערע כחות איינצושטעלן אַן עקאָנאָמישן פרידן, וואָס זאָל זיין אַ גע־רעכטער, וואוילטעטיקער און דויערנדיקער.

אויב מיר גלויבן טאַקע ערלעך, אַז מיר קעמפן פאַר אַ פאָלקס־שלום, וועט שוין דאָס איבעריקע לייכט אָנקומען. פּראָדוקציע — יאָ, עס וועט אונדז אָנקומען גרינג צו פּראָדוצירן אָן סטרייקס און אָן סאַבאָטאַזש; עס וועט זיין אַ פּראָדוקציע, וואָס וועט האָבן די פולהאַרציקע קאָאָפּעראַציע צווישן ווילקע הענט און שאַרפע מוחות; אַ פּראָדוקציע, וואָס וועט אָנגיין מיט ענטוזיאַזם, געשיקטקייט און ענערגיע, מיט אַ שטאַרקן טעמפּאָ און אַ קלאָרן פּאַרלאַנג אָנצוגיין מיט דער אַרבעט בסדר, טאָג נאָך טאָג. היטלער ווייס פונקט אַזוי גוט ווי די פון אונדז, וואָס באַטייליקן זיך אין די מיטינגען פון דער מלחמה־פּראָדוקציע באָרד, אַז מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן האַלטן ביים געווינען די מלחמה פאַר פּראָדוקציע. ער ווייסט, אַז סיי די אַרבעטער און סיי די אונטערנעמער אין די פאַראייניקטע שטאַטן פירן דורך אַן אויסערגעוויינלעך זעלטן שטיקל אַרבעט און, אַז זיין איינציקע האָפענונג איז זיך דורכצוריסן און זיך צו דערשלאָגן צו אַ פולשטענדיקן זיג אין די קומענדיקע זעקס חדשים (ד. ה., איידער מיר דאָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווינען פולשטענדיק „די שלאַכט פאַר פּראָדוקציע"—איבערזעצער)

און נאָך דעם קומט די אויפגאַבע צו טראַנספּאָרטירן צו די שלאַכט־פעלדער מיטן טראַק, מיט דער באַן, מיט דער שיף. מיט פרייד וועלן מיר זיך אָפּזאָגן פון פיל נויטיקע זאַכן, כדי צו פאַרגרעסערן אונדזער טראַנספּאָרטאַציע־סיסטעם כאָטש אויף נאָך 30 פּראָצענט.

# קעמפן מיטן גאַנצן כח

איך דאַרף ווייניק וואָס זאָגן וועגן דער פליכט צו קעמפן. טייל מענטשן באַהויפּטן, און היטלער האַלט אויך אַזוי, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק איז אין משך פון לעצטן דור „ווייך" געוואָרן. היטלערס אַגענטן האַלטן אין איין פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק אין דרום־אַמעריקע, אַז מיר דאָ זיינען פּחדנים, וואָס זיינען ניט פּייאיק זיך צו באַנוצן מיט מאָדערנעם קאַמפּס־געווער, ווי די „בראַווע" דייטשע סאָלדאַטן. עס איז אמת, אַז די אַמעריקאַנער יוגנט האָט פיינט מלחמה מיט אַ הייליקער שנאה, אָבער טאַקע צוליב אונדזער שנאה צו מלחמה, און צוליב דעם, וואָס היטלער און דאָס דייטשע פאָלק זיינען געוואָרן די סאַמע פאַרקערפּערונג פון מלחמה, וועלן מיר קעמפן מיט אַן אומ־דערמידלעכן אייפער ביז דער קריג, און די באַדינגונגען וואָס ברענגען דעם קריג, וועלן אָפּגעווישט ווערן פון פּנים פון דער ערד. מיר וועלן אויסברענגען דעם מגפה־ווינקל פון אייראָפּע — היטלערס דייטשלאַנד, צוזאַמען מיטן גיהנום פון אַזיע — יאַפּאַן.

דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט אַלעמאָל פאַרמאָגט און וועט קיינמאָל ניט פאַרלירן זיין מוט. איך איז באַקאַנט די געשיכטע פון דעם באָמבער־פּילאָט דיקסאָן, דעם ראַדיאָמאַן דזשאַן אַלדרידזש און דעם אַמוניציע־אויפפּאַסער טאָני פּאַסטולאַ — אַ געשיכטע, וואָס דורות אַמעריקאַנער וועלן זי דערציילן צו זייערע קינדער, כדי זיי צו ווייזן, אַז דער מענטש איז פּייאיק צו בלייבן דער האַר איבער דעם שווערסטן גורל. אָט־די מענער האָבן פאַרבראַכט פיר און דרייסיק טעג אויפן אָפענעם ים אין אַ גומענעם רעטונג־שיפל, 8 פוס די לענג און 4 פוס די ברייט, אָן שפּייז, אַ חוץ דאָס וואָס זיי האָבן געקאָנט אַרויסרייסן פון ים און פון דער לופט מיט איין קעשענע־מעסערל און מיט אַ רעוואָלווער. און דאָך זיינען זיי אַרוים לעבעדיקע און זיי זיינען צום סוף אָנגעקומען צום ברעג פון אַן אומבאַקאַנטן אינדזל. ניט קוקנדיק אויף זייערע ליידן און זייער אָפּגעשוואַכטקייט, האָבן זיי זיך דאָך געהאַלטן מיט ווירדע ווי מענטשן, כאָטש זיי האָבן ניט געהאַט קיין געווער זיך צו פאַרטיידיקן, און ניט קיין שיך אויף זייערע פיס אָדער קליידער אויף זייער לייב. זיי האָבן מאַרשירט אין מיליטערישער אָרדענונג, ווייל — ווי זיי האָבן זיך אויס־געדריקט — „טאָמער געפינען זיך יאַפּאַנעזער אויפן אינדזל, זאָלן זיי ניט זען, אַז מיר קריכן אויף די קני."

# דער פינפטער קאָלום

די אמעריקאַנער קעמפער און אַלע קעמפער פון די פאַראייניקטע פעלקער וועלן מוזן אין די קומענדיקע עטלעכע חדשים צונויפנעמען זייער גאַנצן מוט. איך בין זיכער, אַז דער זומער און דער האַרבסט פון 1942 וועלן זיין אַ צייט פון שווערסטן קריזיס פאַר אונדז אַלעמען. היטלער, פונקט ווי דער באָקסער, וועלכער דערפילט, אַז ער האַלט ביים כאַפּן דעם קלאַפּ, וואָס וועט אים אַוועק־לייגן, נעמט צוזאַמען זיינע לעצטע כחות, כדי צו דערלאַנגען זיין לעצטן פאַרצווייפלטן קלאַפּ. אַ חיהשע מורא פילט אָן דאָס האַרץ פון בערלינער מטורף און אַן אומצופרידנקייט וואַקסט אין זיין פאָלק, בעת ער גרייט זיך צו זיין לעצטער אַלגעמיינער אָפענסיווע.

מיר מעגן זיין זיכער, אַז היטלער און יאַפּאַן וועלן צוזאַמענאַרבעטן, כדי דורכצופירן דאָס אומדערוואַרטע — מעגלעך אַן אָנפאַל מצד יאַפּאַן אויף אַלאַסקאַ און אונדזער צפון־מערבדיקן ברעג, פונקט דעמאָלט ווען דייטשע טראַנספּאָרט־עראָפּלאַנען וועלן אַריבערפליען פון דאַקאַר כדי אָנצופירן און צו שטאַרקן אַ דייטשישן אויפשטאַנד אין לאַטיין־אַמעריקע. אין יעדן פאַל, די פּסיכאָלאָגישע און די סאַבאָטאַזש־אָפענסיווע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין לאַטיין־אַמעריקע וועט אַזוי אויסגערעכנט ווערן, אַז זי זאָל זיך צונויפפאַלן מיט, אָדער קומען עטלעכע וואָכן פריער, פון דער מיליטערישער אָפענסיווע.

מיר מוזן ספּעציעל זיין גרייט צו דערשטיקן דעם פינפטן קאָלום אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער וועט פּרובירן סאַבאָטאַזשירן נישט בלויז אונדזערע אינדוסטריעס, וואָס פּראָדוצירן קריגס־מאַטעריאַלן, נאָר— וואָס איז נאָך וויכטיקער — אונדזערע מוחות. מיר מוזן זיין צוגעגרייט פאַר די ערגסטע פינפטע קאָלום אַטאַקעס אין לאַטיין־אַמעריקע. אַ סך פון די אַטאַקעס ווערן אָנגעפירט דורך דער פאַרמיטלונג פון רעגירונגען מיט וועלכע די פאַראייניקטע שטאַטן איז איצט אין פריידלעכע באַציאונגען. ווען איך זאָג דאָס, ווייס איך, אַז די פעלקער סיי אין לאַטיין־אַמעריקע און סיי אין די מלוכות, וואָס שטיצן די אַגענטורן דורך וועלכע דער פינפטער קאָלום אַרבעט, זיינען אין זייער וואַיט־גרעסטער מערהייט אויף דער זייט פון די דעמאָקראַטיעס. מיר מוזן דערוואַרטן, אַז די אָפענסיווע קעגן אונדז אויף דעם מיליטערישן, פּראָפּאַגאַנדע־ און סאַבאָטאַזש־פראָנט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין לאַטיין־אַמעריקע, וועט דערגרייכן דעם העכסטן פונקט, ווען עס איז אין משך פון די קומענדיקע עטלעכע מאָנאַטן.

# אַ פּולשטענדיקער זיג פאַר אַ פולשטענדיקן שלום

די גסיסה־קאָנוואולסיעס פון דעם שטאַרבנדיקן מטורף (משוגענעם) וועלן זיין אַזעלכע מעכטיקע, אַז זיי וועלן אָפּגאַרן טייל פון אונדז, און מיר׳ן מיינען, אַז די לאַגע איז אַ פאַרצווייפלטע, בעת זי וועט אין דער אמתן גאָר האַלטן ביים בעסער ווערן. אָבער ביי מערסטע פון אונדז וועלן די געשעענישן פון די קומענדיקע עטלעכע מאָנאַטן, ווי באַאומרואיקנדיק זיי זאָלן ניט זיין, נאָך מער פאַרשטאַרקן אונדזער אַנטשלאָסנקייט צו דערגרייכן אַ פולן זיג אין אָט־דער באַפרייאונג־מלחמה. אויב מיר זיינען נאָר גייסטיק צוגעגרייט, וועלן אונדז קיין אומדערוואַרטעטע אַנטוויקלונגען ניט צעטרייסלען. פּסיכאָלאָגישער טעראָר וועט אויף אונדז קיין שליטה ניט האָבן. בעת מיר דאָ אין דער עמיספּערע שטאָלן זיך אָן פאַר דעם ביטערסטן קאַמף, טאָרן מיר ניט פאַר־געסן די הערלעכע העלדישקייט פון די אונטערדריקטע אין אייראָפּע און אין אַזיע — צי זיי געפינען זיך אין די בערג פון יוגאָסלאַוויע, אין די פאַבריקן פון טשעכאָסלאָוואַקיע און פראַנקרייך, אין די פעלדער פון פּוילן, דענמאַרק און פראַנקרייך, צווישן די שיפליים פון נאָרוועגיע, אָדער אין די אָקופּירטע געגנטן פון כינע און די האָלענדישע איסט־אינדיעס.

פון אומעטום שרייט אויס די נשמה פון מענטשן צום טיראַן, אַז פאַר־שקלאַפן דעם מענטשלעכן קערפּער מיינט בשום אופן ניט דערשטיקן דעם מענטשנס ווידערשטאַנד צו דער שקלאַפעריי.

קיין האַלבע וועג קאָן מען ניט גיין. אין צפון און אין דרום, אין מזרח און אין מערב, און אין מיטל־מערב איז שטאַרק דער ווילן און די אַנט־שלאָסנקייט פון אַמעריקאַנער פאָלק פאַר אַ פולשטענדיקן זיג.

קיין פּשרות זיינען מיטן טייוול ניט מעגלעך. מיר וועלן ניט וויסן פון קיין רו, ביז אַלע קרבנות, וואָס ליידן אונטער דעם נאַצישן יאָך, וועלן באַ־פרייט ווערן. מיר וועלן קעמפן פאַר אַ פולשטענדיקן שלום, פּונקט ווי פאַר אַ פולשטענדיקן זיג. די פאָלקס־רעוואָלוציע גייט פאָראויס און דער טייוול מיט אַלע זיינע שדים וועלן דעם מאַרש פון פאָלק ניט אָפּשטעלן. זיי וועלן דאָס פאָלק ניט בייקומען, ווייל גאָט איז מיטן פאָלק.

> „ער גיט כח דעם שלאָפן; און די וואָס האָבן קיין קרעפטן ניט פאַרגרעסערט ער זייער שטאַרקייט . . . די וואָס שפּאַרן זיך אָן אויף גאָט וועלן אויפשטייגן מיט פליגלען ווי אָדלערס; זיי וועלן לויפן און זיך ניט איינמאַטערן; זיי וועלן גיין און ניט אָפּגעשוואַכט ווערן.״

גרויס איז גאָטס מאַכט. מיר, וואָס קעמפן פאַר דער זאַך פון פאָלק, וועלן זיך ניט אָפּשטעלן ביז די שלאַכט וועט געוואונען ווערן.

FIRST EDITION

*Issued by International Workers Order as a contribution to the war effort in the following languages: Carpatho-Russian, Croatian, Czech, English, Finnish, Greek, Hungarian, Italian, Jewish, Polish, Roumanian, Russian, Serbian, Slovak, Spanish, and Ukrainian*

56

First Edition

*Issued by International Workers Order as a contribution to the war effort in the following languages: Carpatho-Russian, Croatian, Czech, English, Finnish, Greek, Hungarian, Italian, Jewish, Polish, Roumanian, Russian, Serbian, Slovak, Spanish, and Ukrainian*

# אַ פּולשטענדיקער זיג פאַר אַ פּולשטענדיקן שלום

די גסיסה־קאָנוואולסיעס פון דעם שטאַרבנדיקן מטורף (משוגענעם) וועלן זיין אַזעלכע מעכטיקע, אַז זיי וועלן אָפּגאַרן טייל פון אונדז, און מיר'ן מיינען, אַז די לאַגע איז אַ פאַרצווייפלטע, בעת זי וועט אין דער אמתן גאָר האַלטן ביים בעסער ווערן. אָבער ביי מערסטע פון אונדז וועלן די געשעענישן פון די קומענדיקע עטלעכע מאָנאַטן, ווי באַאומרואיקנדיק זיי זאָלן ניט זיין, נאָך מער פאַרשטאַרקן אונדזער אַנטשלאָסנקייט צו דערגרייכן אַ פולן זיג אין אָט־דער באַפרייאונג־מלחמה. אויב מיר זיינען נאָר גייסטיק צוגעגרייט, וועלן אונדז קיין אומדערוואַרטעטע אַנטוויקלונגען ניט צעטרייסלען. פסיכאָלאָגישער טעראָר וועט אויף אונדז קיין שליטה ניט האָבן. בעת מיר דאָ אין דער העמיספּערע שטאָלן זיך אָן פאַר דעם ביטערסטן קאַמף, טאָרן מיר ניט פאַר־געסן די הערלעכע העלדישקייט פון די אונטערדריקטע אין אייראָפּע און אין אַזיע — צי זיי געפינען זיך אין די בערג פון יוגאָסלאַוויע, אין די פאַבריקן פון טשעכאָסלאָוואַקיע און פראַנקרייך, אין די פעלדער פון פּוילן, דענמאַרק און פראַנקרייך, צווישן די שיפליים פון נאָרוועגיע, אָדער אין די אָקופּירטע געגנטן פון כינע און די האָלענדישע איסט־אינדיעס.

פון אומעטום שרייט אויס די נשמה פון מענטשן צום טיראַן, אַז פאַר־שקלאָפן דעם מענטשלעכן קערפער מיינט בשום אופן ניט דערשטיקן דעם מענטשנס ווידערשטאַנד צו דער שקלאַפעריי.

קיין האַלבע וועג קאָן מען ניט גיין. אין צפון און אין דרום, אין מזרח און אין מערב, און אין מיטל־מערב איז שטאַרק דער ווילן און די אַנט־שלאָסנקייט פון אַמעריקאַנער פאָלק פאַר אַ פולשטענדיקן זיג.

קיין פשרות זיינען מיטן טייוול ניט מעגלעך. מיר וועלן ניט וויסן פון קיין רו, ביז אַלע קרבנות, וואָס ליידן אונטער דעם נאַצישן יאָך, וועלן באַ־פרייט ווערן. מיר וועלן קעמפן פאַר אַ פולשטענדיקן שלום, פונקט ווי פאַר אַ פולשטענדיקן זיג. די פאָלקס־רעוואָלוציע גייט פאָראויס און דער טייוול מיט אַלע זיינע שדים וועלן דעם מאַרש פון פאָלק ניט אָפּשטעלן. זיי וועלן דאָס פאָלק ניט ביי קומען, ווייל גאָט איז מיטן פאָלק.

> „ער גיט כח דעם שלאָפן; און די וואָס האָבן קיין קרעפטן ניט פאַר־גרעסערט ער זייער שטאַרקייט . . . די וואָס שפּאַרן זיך אָן אויף גאָט וועלן אויפשטייגן מיט פליגלען ווי אָדלערס; זיי וועלן לויפן און זיך ניט איינמאַטערן; זיי וועלן גיין און ניט אָפּגעשוואַכט ווערן.“

גרויס איז גאָטס מאַכט. מיר, וואָס קעמפן פאַר דער זאַך פון פאָלק, וועלן זיך ניט אָפּשטעלן ביז די שלאַכט וועט געוואונען ווערן.

# דער פינפטער קאָלום

די אמעריקאַנער קעמפער און אַלע קעמפער פון די פאַראייניקטע פעלקער וועלן מוזן אין די קומענדיקע עטלעכע חדשים צונויפנעמען זייער גאַנצן מוט. איך בין זיכער, אַז דער זומער און דער האַרבסט פון 1942 וועלן זיין אַ צייט פון שווערסטן קריזיס פאַר אונדז אַלעמען. היטלער, פונקט ווי דער באָקסער, וועלכער דערפילט, אַז ער האַלט ביים כאַפּן דעם קלאַפּ, וואָס וועט אים אָוועקלייגן, נעמט צוזאַמען זיינע לעצטע כחות, כדי צו דערלאַנגען זיין לעצטן פאַרצווייפלטן קלאַפּ. אַ חיהשע מורא פילט אַן דאָס הארץ פון בערלינער מטורף און אַן אומצופרידנקייט וואַקסט אין זיין פאָלק, בעת ער גרייט זיך צו זיין לעצטער אַלגעמיינער אָפענסיווע.

מיר מעגן זיין זיכער, אַז היטלער און יאַפּאַן וועלן צוזאַמענאַרבעטן, כדי דורכצופירן דאָס אומדערוואַרטע — מעגלעך אַן אָנפאַל מצד יאַפּאַן אויף אַלאַסקאַ און אונדזער צפון־מערבדיקן ברעג, פונקט דעמאָלט ווען דייטשע טראַנספּאָרט־עראָפּלאַנען וועלן אַריבערפליען פון דאַקאַר כדי אָנצופירן און צו שטאַרקן אַ דייטשישן אויפשטאַנד אין לאַטיין־אַמעריקע. אין יעדן פאַל, די פּסיכאָלאָגישע און די סאַבאָטאַזש־אָפענסיווע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין לאַטיין־אַמעריקע וועט אַזוי אויסגערעכנט ווערן, אַז זי זאָל זיך צונויפפאַלן מיט, אָדער קומען עטלעכע וואָכן פריער, פון דער מיליטערישער אָפענסיווע.

מיר מוזן ספּעציעל זיין גרייט צו דערשטיקן דעם פינפטן קאָלום אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער וועט פּרובירן סאַבאָטאַזשירן נישט בלויז אונדזערע אינדוסטריעס, וואָס פּראָדוצירן קריגס־מאַטעריאַלן, נאָר— וואָס איז נאָך וויכטיקער — אונדזערע מוחות. מיר מוזן זיין צוגעגרייט פאַר די ערגסטע פינפטע קאָלום אטאַקעס אין לאַטיין־אַמעריקע. אַ סך פון די אַטאַקעס ווערן אָנגעפירט דורך דער פאַרמיטלונג פון רעגירונגען מיט וועלכע די פאַראייניקטע שטאַטן איז איצט אין פרידלעכע באַציאונגען. ווען איך זאָג דאָס, ווייס איך, אַז די פעלקער סיי אין לאַטיין־אַמעריקע און סיי אין די מלוכות, וואָס שטיצן די אַגענטורן דורך וועלכע דער פינפטער קאָלום אַרבעט, זיינען אין זייער ווייט־גרעסטער מערהייט אויף דער זייט פון די דעמאָקראַטיעס. מיר מוזן דערוואַרטן, אַז די אָפענסיווע קעגן אונדז אויף דעם מיליטערישן, פּראָפּאַגאַנדע־ און סאַבאָטאַזש־פראָנט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין לאַטיין־אַמעריקע, וועט דערגרייכן דעם העכסטן פּונקט, ווען עס איז אין משך פון די קומענדיקע עטלעכע מאָנאַטן.

# קעמפן מיטן גאַנצן כח

איך דאַרף ווייניק וואָס זאָגן וועגן דער פליכט צו קעמפן. טייל מענטשן באַהויפּטן, און היטלער האַלט אויך אַזוי, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק איז אין משך פון לעצטן דור „ווייך" געוואָרן. היטלערס אַגענטן האַלטן אין איין פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק אין דרום־אַמעריקע, אַז מיר דאָ זיינען פּחדנים, וואָס זיינען ניט פייאיק זיך צו באַנוצן מיט מאָדערנעם קאַמפּס־געווער, ווי די „בראַווע" דייטשע סאָלדאַטן. עס איז אמת, אַז די אַמעריקאַנער יוגנט האָט פיינט מלחמה מיט אַ הייליקער שנאה, אָבער טאַקע צוליב אונדזער שנאה צו מלחמה, און צוליב דעם, וואָס היטלער און דאָס דייטשע פאָלק זיינען געוואָרן די סאַמע פאַרקערפּערונג פון מלחמה, וועלן מיר קעמפן מיט אַן אומ־דערמידלעכן אייפער ביז דער קריג, און די באַדינגונגען וואָס ברענגען דעם קריג, וועלן אָפּגעווישט ווערן פון פנים פון דער ערד. מיר וועלן אויסברענגען דעם מגפה־ווינקל פון אייראָפּע — היטלערס דייטשלאַנד, צוזאַמען מיטן גיהנום פון אַזיע — יאַפּאַן.

דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט אַלעמאָל פאַרמאָגט און וועט קיינמאָל ניט פאַרלירן זיין מוט. אייך איז באַקאַנט די געשיכטע פון דעם באָמבער־פּילאָט דיקסאָן, דעם ראַדיאָמאַן דזשאָן אָלדרידזש און דעם אַמוניציע־אויפּפּאַסער טאָני פּאַסטולאָ — אַ געשיכטע, וואָס דורות אַמעריקאַנער וועלן זי דערציילן צו זייערע קינדער, כדי זיי צו ווייזן, אַז דער מענטש איז פייאיק צו בלייבן דער האַר איבער דעם שווערסטן גורל. אָט־די מענער האָבן פאַרבראַכט פיר און דרייסיק טעג אויפן אָפענעם ים אין אַ גומענעם רעטונג־שיפל, 8 פוס די לענג און 4 פוס די ברייט, אָן שפּייז, אַ חוץ דאָס וואָס זיי האָבן געקאָנט אַרויסרייסן פון ים און פון דער לופט מיט איין קעשענע־מעסערל און מיט אַ רעוואָלווער. און דאָך זיינען זיי אַרוים לעבעדיקע און זיי זיינען צום סוף אָנגעקומען צום ברעג פון אַן אומבאַקאַנטן אינדזל. ניט קוקנדיק אויף זייערע ליידן און זייער אָפּגעשוואַכטקייט, האָבן זיי זיך דאָך געהאַלטן מיט ווירדע ווי מענטשן, כאָטש זיי האָבן ניט געהאַט קיין געווער זיך צו פאַרטיידיקן, און ניט קיין שיך אויף זייערע פיס אָדער קליידער אויף זייער לייב. זיי האָבן מאַרשירט אין מיליטערישער אָרדענונג, ווייל — ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט — „טאָמער געפינען זיך יאַפּאַנעזער אויפן אינדזל, זאָלן זיי ניט זען, אַז מיר קריכן אויף די קני."

# מיר מוזן געווינען די שלאַכט פאַר פּראָדוקציע

יאָ, ווען די צייט פון שלום וועט קומען וועלן די בירגער פון דער וועלט אויף זיך האָבן א נייע פליכט: די סאַמע העכסטע פליכט מקריב צו זיין די מינדערוויכטיקע אינטערעסן פאַר די גרעסערע אינטערעסן פון דעם אַל־געמיינעם וואוילזיין. די, וועלכע וועלן פאַרפאַסן דעם פרידן, וועלן מוזן אין זינען האָבן די גאַנצע וועלט, ווייל עס טאָרן מער ניט זיין קיין פּריווילעגירטע פעלקער. ווייל מיר אַליין אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פונקט אַזוי ווייניק א הערן־ראַסע ווי די נאַצים זיינען עס. מען קאָן ניט בסדר אָנגיין מיט עקאָנאָמישער מלחמה־פירונג אָן דעם, אַז מען זאָל ניט צוגרייטן די זאָמען פאַר מיליטערישער מלחמה־פירונג. מיר מוזן אָנווענדן ביים שלום־טיש אַלע אונדזערע כחות איינצושטעלן אַן עקאָנאָמישן פרידן, וואָס זאָל זיין א גע־רעכטער, וואוילטעטיקער און דויערנדיקער.

אויב מיר גלויבן טאַקע ערלעך, אַז מיר קעמפן פאַר א פאָלקס־שלום, וועט שוין דאָס איבעריקע לייכט אָנקומען. פּראָדוקציע — יאָ, עס וועט אונדז אָנקומען גרינג צו פּראָדוצירן אָן סטרייקס און אָן סאַבאָטאַזש; עס וועט זיין א פּראָדוקציע, וואָס וועט האָבן די פולהאַרציקע קאָאָפּעראַציע צווישן וויליקע הענט און שאַרפע מוחות; א פּראָדוקציע, וואָס וועט אָנגיין מיט ענטוזיאַזם, געשיקטקייט און ענערגיע, מיט א שטאַרקן טעמפּאָ און א קלאָרן פאַרלאַנג אָנצוגיין מיט דער אַרבעט כסדר, טאָג נאָך טאָג. היטלער וויים פונקט אַזוי גוט ווי די פון אונדז, וואָס באַטייליקן זיך אין די מיטינגען פון דער מלחמה־פּראָדוקציע באָרד, אַז מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן האַלטן ביים געווינען די מלחמה פאַר פּראָדוקציע. ער ווייסט, אַז סיי די אַרבעטער און סיי די אונטערנעמער אין די פאַראייניקטע שטאַטן פירן דורך אַן אויסערגעוויינלעך זעלטן שטיקל אַרבעט און, אַז זיין איינציקע האָפענונג איז זיך דורכצורייסן און זיך צו דערשלאָגן צו א פולשטענדיקן זיג אין די קומענדיקע זעקס חדשים (ד. ה., איידער מיר דאָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווינען פולשטענדיק „די שלאַכט פאַר פּראָדוקציע“—איבערזעצער)

און נאָך דעם קומט די אויפגאַבע צו טראַנספּאָרטירן צו די שלאַכט־פעלדער מיטן טראָק, מיט דער באַן, מיט דער שיף. מיט פרייד וועלן מיר זיך אָפּזאָגן פון פיל נויטיקע זאַכן, כדי צו פאַרגרעסערן אונדזער טראַנספּאָרטאַציע־סיסטעם כאָטש אויף נאָך 30 פּראָצענט.

# אַלצדינג פאַרן אַלגעמיינעם וואוילזיין

מענלעך, אַז עס וועט אויספאַלן אויף אונדז אין אַמעריקע אַנצודייטן די פרייהייטן און די פליכטן, לויט וועלכע דער פשוטער מענטש דאַרף לעבן. אין יעדן לאַנד דאַרף דער פשוטער מענטש זיך אויסלערנען בויען אויף אַ פּראַקטישן אופן און מיט זיינע אייגענע הענט זיינע אייגענע אינדוסטריעס. אין יעדן לאַנד דאַרף דער פשוטער מענטש זיך אויסלערנען פאַרגרעסערן זיין פּראָדוקטיווקייט, אַזוי אַז ער און זיינע קינדער זאָלן לסוף זיין בכח צוריקצוצאָלן דער וועלט־געמיינדע אַלץ, וואָס זיי האָבן פון איר געקראָגן. קיין פאָלק וועט ניט האָבן דאָס פון־גאָט־געגעבענע רעכט צו עקספּלואַטירן אַנדערע פעלקער. אַלטע פעלקער וועלן האָבן די פּריווילעגיע צו העלפן אינגערע פעלקער אַרויפגיין אויף דעם וועג פון אינדוסטריאַליזאַציע, אָבער עס טאָר מער ניט עקזיסטירן קיין מיליטערישער אָדער עקאָנאָמישער אימ־פּעריאַליזם. די פירונגען פון דעם 19טן יאָרהונדערט וועלן מער ניט גילטן אין דעם פאָלקס־יאָרהונדערט, וואָס האַלט ביים אָנקומען.

אינדיע, כינע און לאַטיין־אַמעריקע האָבן אַ גרויסן חלק אין דעם פאָלקס־יאָרהונדערט. אין דער מאָס, וואָס זייערע פאָלק־מאַסן וועלן זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן און ווערן פּראָדוקטיווע באַנוצער פון מאַשינען, אין דער מאָס וועט זיך הויבן זייער לעבנס־סטאַנדאַרד, יאָ, זיך פאַרצווייפאַכן און פאַרדרייפאַכן. די מאָדערנע וויסנשאַפט, יען זי וועט מיטן גאַנצן האַרצן אָנגעווענדט ווערן פאַרן אַלגעמיינעם וואוילזיין, וועט מיט זיך ברענגען אַ שפע פון וועלכער מיר קאָנען אפילו ניט חלומען. און די מאָדערנע וויסנ־שאַפט וועט מוזן באַפרייט ווערן פון דייטשער פאַרשקלאַפונג. אינטער־נאַציאָנאַלע טראָסטן, וואָס דינען איצט דער אַמעריקאַנער גייציקייט און דער דייטשער לוסט נאָך מאַכט, וועלן מוז אָפּטרעטן דעם וועג. די נייע טראָסטן, וואָס וועלן זיך באַווייזן אין דער צייט פון קומענדיקן שלום, מוזן זיין אונטער־געוואָרפן צו אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנטראָל לטובת דעם פשוטן מענטשן, און גלייכצייטיק וועלן זיך די טראָסטן געפינען אונטער אַ פאַסיקן קאָנטראָל פון די באַטרעפנדיקע מלוכות. אויף אַזאַ אופן וועלן מיר זיין אין אַ לאַגע ניט צו דערלאָזן, אַז די דייטשן זאָלן ווידעראַמאָל אויפבויען אַ מעכטיקע קריגס־מאַשין, בעת מיר דרעמלען. ווען די אינטערנאַציאָנאַלע מאָנאָפּאָליעס וועלן געבראַכט ווערן אונטער קאָנטראָל, דעמאָלט וועט מעגלעך זיין, אַז נייע דערפינדונגען זאָלן באַדינען די גאַנצע מענטשהייט אָנשטאָט בלויז די אויס־דערוויילטע, ווי איצט.

# דאָס יאָרהונדערט פון דעם פּשוטן מענטשן

מיר זיינען דורכגעפאלן מיט אונדזער ארבעט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיר האָבן ניט געוואוסט, ווי אזוי מען טרעט־צו צו שאפן א דויערנדיקן אלוועלטלעכן פרידן. מיר האָבן ניט געהאט דעם מוט צו בלייבן אויסגעהאלטן און ניט דערלאָזן, אז דייטשלאנד זאָל זיך צוריק באוואָפענען. מיר זיינען ניט באשטאנענען אויף דעם, אז זי זאָל „מער ניט לערנען קיין מלחמה". מיר האָבן ניט געשאפן אזא שלום־אָפּמאך, וואָס זאָל זיך שטיצן אויף דעם פונדאמענטאלן פּרינציפּ פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע. מיר האָבן ניט געשטרעבט מיטן גאנצן הארצן צו באשאפן א וועלט, אין וועלכער אלע פעלקער זאָלן זיין פריי פון נויט. אָבער פון אונדזערע טעותן האָבן מיר א סך געלערנט, און נאָך דער איצטיקער מלחמה וועלן מיר זיין בכוח אָנצואווענדן אונדזער וויסן און בויען א וועלט אויף א געזונטן עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און, איך האָף, אויך גייסטיקן פונדאמענט.

די מאָדערנע וויסנשאפט, וועלכע איז א ביי־פּראָדוקט און א וויכטיקער באשטאנד־טייל פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע, האָט געשאפן די טעכנאָלאָגישע מעגלעכקייט, אז אלע מענטשן פון דער וועלט זאָלן האָבן גענוג צו עסן. מיט א צייט צוריק האָב איך האלב אין שפּאס און האלב ערנסט געזאָגט דער מאדאם ליטווינאָוו: „דער ציל פון דער איצטיקער מלחמה איז צו פארזיכערן, אז יעדער מענטש אין דער וועלט זאָל האָבן די פּריווילעגיע צו טרינקען א קוואָרט מילך א טאָג."

זי האָט געענטפערט: „יאָ, כאָטש א האלבן פּיינט" (א פערטל קוואָרט).

דער שלום, וואָס וועט קומען, מוז ברענגען מיט זיך א בעסערן לעבנס־סטאנדארד פאר דעם פּשוטן מענטשן, ניט בלויז אין די פאראייניקטע שטאטן און אין ענגלאנד, נאָר אויך אין אינדיע, רוסלאנד, כינע און לאטיין־אמעריקע. ניט בלויז אין די לענדער פון די פאראייניקטע פעלקער, נאָר יאָ, אויך אין דייטשלאנד און איטאליע און יאפּאן.

טייל מענטשן רעדן וועגן דעם „אמעריקאנער יאָרהונדערט". און איך זאָג, אז דאָס יאָרהונדערט אין וועלכן מיר טרעטן איצט אריין — דאָס יאָרהונדערט, וואָס וועט זיך אָנהייבן און ארויסוואקסן פון אָט־דער מלחמה — קאָן און דארף ווערן דאָס יאָרהונדערט פון פּשוטן מענטשן.

4) די פליכט צו בויען אַ פרידן — אַ גערעכטן, וואוילטעטיקן און דויערנדיקן פרידן.

די פערטע פליכט איז די, וואָס אינספּירירט אונדז דורכצופירן די ערשטע דריי.

3) די פליכט צו קעמפן מיט לייב און לעבן.

2) די פליכט איבערצושיקן דאָס פּראָדוצירטע אַזוי שנעל ווי מעגלעך צו די שלאַכטפעלדער.

# די פליכטן פון אַ פרייען מענטשן

און איצט, בעת מיר דערנעענטערן זיך צו דער פולער פארווירקלעכונג פון די פיר פרייהייטן פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע, וואָלט איך געוואָלט רעדן וועגן פיר פליכטן. עס איז מיין טיפער גלויבן, אז יעדע פרייהייט, יעדעס רעכט, יעדע פריווילעגיע האָט איר פרייז, און ווערט באַגלייט פון א באשטימטער פליכט, אָן וועלכער מען קאָן די פרייהייט ניט געניסן. די פיר פליכטן פון דער פאָלקס־רעוואָלוציע, ווי איך זע זיי איצט, זיינען די פאָלגנדיקע:

1) די פליכט צו פראָדוצירן אין דער העכסטער מאָס.

# די פיר פרייהייטן

דאָס פאָלק מאַרשירט צו נאָך מער פרייהייט, ווי די גליקלעכסטע מענטשן פון דער וועלט האָבן געגאָסן ביז איצט. קיין שום נאַציִשע קאָנטער־רעוואָלוציע וועט דעם מאַרש פון פאָלק ניט אָפּשטעלן. דער פּשוטער מענטש וועט אויסרויכערן די אונטערשטופּער פון היטלערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז לאַטיין־אַמעריקע און אין אינדיע. ער וועט פאַרניכטן זייער איינפלוס. אַ פרייע וועלט וועט ניט טאָלערירן קיין לאַוואַלס און קיין מוסאָליניס.

אין זיין דערלייזערישן און רעוואָלוציאָנערן גאַנג, מעגלעך צו מאַכן אַז עס זאָל זיך פונאַנדערבליען דאָ אויף אונדזער ערד די ווירדע פון דער מענטש־לעכער נשמה, האָט דאָס פאָלק אָנגענומען ווי זיין „אני מאמין״ די פיר פריי־הייטן, וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט פּראָקלאַמירט אין זיין מעסעדזש צום קאָנגרעס דעם 6טן יאַנואַר, 1941. אָט די פיר פרייהייטן זיינען דער סאַמע תוך פון דער רעוואָלוציע, פאַר וועלכער די פאַראייניקטע פעלקער זיינען אַרויס־געטראָטן אויפן שלאַכטפעלד מיט געווער אין זייערע הענט. מיר, וועלכע וואוינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאָנען ביי זיך טראַכטן, אַז עס איז ניטאָ קיין סך רעוואָלוציאָנערישקייט אין דער פרייהייט פון רעליגיע, אין דער פרייהייט פון אויסדרוק, אין דער פרייהייט פון שרעק פאַר געהיים־פּאָליציי, אָבער ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אין דעם, וואָס עס מיינט פאַרן דורכשניט־לעכן מענטשן זיין פריי פון נויט, דעמאָלט הייבן מיר אָן צו פאַרשטיין, אַז די רעוואָלוציע פון די לעצטע 150 יאָר איז נאָך ניט קיין פולשטענדיקע, ניט דאָ ביי אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ניט אין קיין שום אַנדער לאַנד אין דער וועלט. מיר וועלן דאַן פאַרשטיין, אַז אָט־די רעוואָלוציע קאָן זיך ניט אָפּשטעלן ביז די פרייהייט פון נויט וועט דערגרייכט ווערן איבער דער ערד.

# פאַראויס צום ליכט

דער מארש פון פרייהייט די לעצטע 150 יאָר איז געווען איין לאנגע פאָלקס־רעוואָלוציע. אין אָט־דער גרויסער פאָלקס־רעוואָלוציע זיינען געווען: די אמעריקאנער רעוואָלוציע פון 1792, די לאטיין־אמעריקאנער רעוואָלוציעס פון דער באָליוואר־צייט, די דייטשע רעוואָלוציע פון 1848 און די רוסישע רעוואָלוציע פון 1917. יעדע פון זיי האָט גערעדט אין נאָמען פון דעם מענטשן פון פאָלק, גערעדט מיט בלוט אויפן שלאַכטפעלד. טייל האָבן אריבערגעכאפּט די מאָס. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס דאָס פאָלק האָט דורך זיי געזוכט דעם וועג צו ליכט. מער מענטשן פון פאָלק האָבן זיך אויס־געלערנט דענקען און ארבעטן צוזאמען.

די פאָלקס־רעוואָלוציע שטרעבט צו ברענגען שלום און ניט קיין גוואַלד־טאַט. אויב אָבער די רעכט פון דעם פּשוטן מענטשן ווערן אָנגעגריפן, דעמאָלט דערוועקט זיך דער צאָרן פון א מוטער־בער, וואָס מ׳האָט ביי איר צוגענומען איר זויגלינג. ווען די נאַצישע פּסיכאָלאָגן זאָגן זייער מייסטער היטלערן, אַז מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן קאָנען טאַקע פּראָדוצירן הונדערטער טויזנטער עראָפּלאנען, נאָר אַז מיר האָבן ניט דעם ווילן צו קעמפן, נארן זיי בלויז אָפּ זיך אליין און זייער באַלעבאָס. דער אמת איז, אַז ווען די רעכט פון אמעריקאנער פאָלק ווערן פארלעצט, ווי זיי זיינען איצט פארלעצט געוואָרן, וועט דאָס אמעריקאנער פאָלק זיך שלאָגן מיט אַן אומ־רחמנותדיקן צאָרן, וואָס וועט פארטרייבן די טעווטאָנישע (ד. ה. דייטשישע—איבערזעצער) געטער צוריק אין זייערע היילן אריין. יאָ, די שעה פון געטער־דעמערונג (די שקיעה, דער אונטערגאַנג פון די געטער—איבערזעצער) האָט געשלאָגן פאר אָדין (פירנדיקער טעווטאָנישער גאָט פון די אלטע גערמאנישע שבטים) און זיין באַנדע.

# די תורה פון פינצטערניש

מיט דער הילף פון די פירער פון דער נאַצי־איבערקערעניש פּרובירט איצט דער טייוול צוריקצופירן דעם פּשוטן מענטשן פון דער גאָרער וועלט צו שקלאַפעריי און פינצטערניש. ווייל דער נאַקעטער, שוידערלעכער אמת איז דאָך, אז די גוואַלדזאַמקייט, וואָס ווערט געפּריידיקט פון די נאַציס, איז דעם טייוולס העסלעכע רעליגיע פון פינצטערניש. אַזוי איז אויך די תורה, אז איין ראַסע אָדער איין קלאַס האָט באַקומען בירושה די סופּעריאָריטעט איבער די אַנדערע, אַז אַלע אַנדערע ראַסן אָדער קלאַסן דאַרפן דעריבער זיין זיינע שקלאַפן. דער גלויבן אין איין פירער, וועלכער קריגט זיין אינספּיראַציע פון דעם טייוול אַליין, איין פירער מיט זיינע קוויזלינגס, זיינע לאַוואַלס און זיינע מוסאָלינים — זיינע גאַולייטערס אין יעדן לאַנד אין דער וועלט — איז דער אויסדרוק פון סאַמע טיפסטן חושך, צו וועלכן דער מענטשלעכער געדאַנק האָט זיך דערקייקלט.

איז דען פאַראַן אַ שטאַפּל אין גיהנום וואָס איז פּייערדיקער ווי זיין אַ קוויזלינג, סידן — זיין אַ לאַוואַל אָדער אַ מוסאָליני?

אין אַ צעדרייטן זין איז פאַראַן עפּעס, וואָס איז כמעט הערלעך אין דער פיגור פון אשמדאי, וועלכער אַנטפּלעקט זיך און טוט זיין שליחות אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, דורך אַ היטלער, וועלכער האָט דעם קופּערנעם שטערן צו שפּייען אין פּנים פון גאָט און מענטש. אָבער — די נאַצישע סיסטעם האָט אַ העלדן־טראָן בלויז פאַר איין פירער. לויט דער נאַצישער אויסטייטשונג, האָט בלויז איין מענטש דאָס רעכט צו בלייבן דער פול־שטענדיקער באַלעבאָס איבער זיין אייגענער נשמה. אַלע אַנדערע זיינען אונטערשטופּער (סטודזשעס); אונטערשטופּער, וועלכע זיינען גייסטיק און פּאָליטיש דעגראַדירט געוואָרן, און וועלכע פילן, אז זיי קאָנען זיך אָפּרעכענען מיט דער וועלט, בלויז דורך דעם, וואָס זיי וועלן גייסטיק און פּאָליטיש דער־נידעריקן אַנדערע מענטשן. אָט־די אונטערשטופּער זיינען אין דער אמתן פּסיכאָפּאַטן. דער טייוול האָט אויף אונדז אָנגערייצט און לויז געלאָזט דאָס משוגעים־הויז.

# די קללה פון דער מאָדערנער וועלט

אָבער אין די לענדער, וואו די מעגלעכקייט צו לייענען און שרייבן איז ערשט ניט לאַנג צוריק דערגרייכט געוואָרן, אָדער וואו דאָס פאָלק האָט געהאַט ווייניק דערפאַרונג אין רעגירן זיך אַליין לויט זייער אייגענער פאַרשטענדעניש, אין די לענדער איז לייכט פאַר דעמאַגאָגן אויפצושטיין און צו פאַרגוואַלטיקן דעם געדאַנק פון די פשוטע מענטשן צוליב די נידערטרעכטיקע ציילן פון דעמאַגאָגן. אַזאַ דעמאַגאָג קאָן קריגן פינאַנציעלע שטיצע פון אַ רייכער פּערזאָן, וועלכער טראַכט ניט און ווייס ניט, וואָס פון דעם אַלעם וועט שפּעטער אַרויסקומען. מיט דער פינאַנציעלער הילף קאָן דער דעמאַגאָג באַהערשן די מוחות פון דעם פאָלק און ער קאָן זיי אָוועקפירן פון דעם ביסל פרייהייט, צו וועלכער זיי האָבן זיך דערשלאָגן, צו דער שענדלעכסטער שקלאַפעריי. העך טיסען, דער רייכער דייטשער שטאָל־מאַגנאַט, האָט ווייניק וואָס געוואוסט וואָס ער האָט געטאָן, בשעת ער האָט געגעבן היטלערן גענוג געלט, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שפּילן אויף די געפילן פון דעם דייטשישן פאָלק. דער דעמאַגאָג איז די קללה פון דער מאָדערנער וועלט, און פון אַלע דעמאַגאָגן זיינען די ערגסטע די, וועלכע ווערן פינאַנסירט פון גוט־מיינענדיקע רייכע לייט, וועלכע גלויבן מסתמא ערלעך, אַז זייער רייכטום וועט זיין געזיכערט, אויב זיי וועלן קאָנען דינגען מענטשן מיט פּאָליטישן „שיק״, וועלכע זאָלן צוריקדרייען פאַר זיי דאָס ראָד פון דער געשיכטע און צוריקפירן דאָס פאָלק צו דער סאַמע שענדלעכסטער שקלאַפעריי. צום אומגליק פאַר די רייכע לייט, וועלכע פינאַנסירן אַזעלכע באַוועגונגען, און צום אומגליק פון די פאָלקס־מאַסן איז דער דערפאָלגרייכער דעמאַגאָג אַ מעכטיקער שד, וואָס קוים לאָזט מען אים נאָר איין מאָל אַראָפּ פון בוידעם, זאָגט ער זיך אָפּ אויס־צופאָלגן וועמעס עס איז באַפעל. אַזוי לאַנג ווי זיין כח איבער די מאַסן האַלט אָן, שטעלט ער זיך קעגן גאָט אַליין, און דער אַשמדאי באַלעבאַטעוועט איבער דער וועלט.

# די וועלט גייט פּאַראויס

ווען דאָס פרייהייט־ליבנדיקע פּאָלק באַוועגט זיך — ווען די פּאַרמערס האָבן די מעגלעכקייט צו קויפן לאַנד אויף אַ צוגענגלעכן פּרייז און צו פּאַר־קויפן, דורך זייערע אָרגאַניזאַציעס, די פּראָדוקטן פון זייער ערד; ווען די אַרבעטער האָבן די מעגלעכקייט צו שאַפן יוניאָנס און דורך זיי אָנפירן קאָלעקטיווע פּאַרהאַנדלונגען; און ווען די קינדער פון גאַנצן פּאָלק האָבן די מעגלעכקייט צו באַזוכן שולן, וועלכע לערנען זיי דעם אמת וועגן דער וועלט, אין וועלכער זיי לעבן, — ווען אָט־די מעגלעכקייטן זיינען אָפן פאַר אַלעמען, דאַן גייט די וועלט גליַיך פּאָראויס.

# דאָס פאָלק לערנט זיך טראַכטן און אַרבעטן צוזאַמען

אומעטום ווערט דאָס לייענען און שרייבן באַגלייט מיט אינדוסטריעלן פאָרשריט, און אינדוסטריעלער פאָרשריט ברענגט מיט זיך פריער אָדער שפּעטער אַ שטאַרקע אַרבעטער־באַוועגונג. פון אַ היסטאָרישן און פונ־דאַמענטאַלן שטאַנדפּונקט זיינען ניטאָ קיין צוריקגעשטאַנענע פעלקער, וועלכע זאָלן ניט האָבן קיין געפיל פאַר טעכניק. רוסן, כינעזער און אינדיאַנער, סיי אין אינדיע און סיי אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט — אַלע לערנען זיי זיך אויס לייענען און שרייבן און אָפּערירן מאַשינען, פּונקט אַזוי גוט ווי אייערע און מיינע קינדער. אומעטום גייען די מענטשן פון פאָלק פאָראויס. די פּשוטע מענטשן לערנען זיך אויס דענקען צוזאַמען, און אַרבעטן צוזאַמען אין אַרבעטער־באַוועגונגען, וואָס כאָטש טייל פון זיי קאָנען זיך זיין עקסטרעם און אומפּראַקטיש פון אָנהויב, וועלן זיי אָבער מיט דער צייט אָנהויבן ווירק־זאַם צו דינען די אינטערעסן פון דעם פּשוטן מענטשן.

# דער אלף-בית פון דעמאָקראַטיע

די אַלטע אידישע נביאים פון תנך זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געפּריידיקט סאָציאַלע גערעכטיקייט. אָבער דאָס וואָס די נביאים האָבן פאַרשטאַנען אַ סך יאָרהונדערטער פאַר קריסטוסן, דאָס האָט ניט געקראָגן דעם פולן און שטאַרקן פּאָליטישן אויסדרוק אין לעבן ביז אונדזער פעדעראַלע מלוכה איז געשאַפן געוואָרן מיט 150 יאָר צוריק. אָבער אַפילו דעמאָלט האָט זיך דער פאָרשריט פון פשוטן מענטשן ערשט אָנגעהויבן. ס'רוב מענטשן פון פאָלק האָבן נאָך ניט געקאָנט לייענען און שרייבן. עס זיינען נאָך ניט געווען קיין פאָלק־שולן, וואו אַלע קינדער זאָלן זיך קאָנען לערנען. מענער און פרויען קאָנען ניט זיין אויף אַן אמת פריי ביז זיי האָבן ניט גענוג צו עסן און גענוג צייט און פייאיקייט צו לייענען, צו דענקען און זיך דורכרעדן וועגן ענינים, וואָס גייען זיי אָן. אין לויף פון די יאָרן האָט דאָס פאָלק פון די פאַראייניקטע שטאַטן כסדר פּראָגרעסירט אין זיין אָנווענדונג פון דעמאָקראַטיע. אַ דאַנק דער אַלגעמיינער בילדונג, קאָנען איצט די מענטשן פון פאָלק לייענען און שרייבן און שאַפן זייערע אייגענע מיינונגען. זיי האָבן געלערנט און לערנען נאָך איצט די קונסט פון פּראָדוקציע — דאָס מיינט, ווי צו מאַכן אַ לעבן. זיי האָבן געלערנט און לערנען נאָך איצט די קונסט פון זעלבסט־רעגירונג.

אויב מיר וואָלטן געמאָסטן פרייהייט מיט דער מאָס פון דערנערונג, בילדונג און זעלבסט־רעגירונג, וואָלטן מיר באַדאַרפט שעצן די פאַראייניקטע שטאַטן און געוויסע לענדער פון מערב־איירראָפּע זייער הויך. אָבער דאָס וואָלט ניט געווען יושרדיק צו אַנדערע לענדער, אין וועלכע בילדונג איז געוואָרן אַ ברייט־פאַרשפּרייטע דערשיינונג ערשט אין די לעצטע צוואַנציק יאָר. אין אַ סך לענדער האָבן — בלויז מיט איין דור צוריק — ניין פון יעדע צען מענטשן פון פאָלק ניט געקאָנט לייענען און שרייבן. אַזוי, למשל, איז דאָס רוסישע פאָלק אין משך פון איין איינציקן דור פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ ניט־גראַמאָטנער מאַסע אין אַן איוורעדיק און קענעוודיק פאָלק, און אין אָט־דעם פּראָצעס פון לערנען איז אומגעהויער געשטיגן רוסלאַנדס אָפּשאַצונג פון פרייהייט. אין כינע איז דער וואוקס פון פאָלקס פייאיקייט צו לייענען און שרייבן די לעצטע דרייסיק יאָר געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט אַ וואַקסנדיקן אינטערעס אין אַמתער פרייהייט.

# אַ פרייע וועלט אָדער אַ שקלאַפן־וועלט?

מיר, וועלכע פאַרטרעטן — פּאָרמעל אָדער ניט־פאָרמעל — מערסטע פון די פרייע פעלקער פון דער וועלט, זיינען זיך היינט דאָ צוזאַמענגעקומען אין די אינטערעסן פון די מיליאָנען מענטשן פון אַלע פעלקער, וועמען פרייהייט איז טייער. מיר דוכט זיך, אַז אונדזער היינטיקער צוזאַמענקונפט האָט בלויז איין ציל: לאָזן וויסן אָט־די מיליאָנען אין די אַנדערע לענדער, אַז דאָ ביי אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן געפינען זיך 130 מיליאָן מענער, פרויען און קינדער, וועלכע שטייען איצט אין אָט־דער מלחמה ביזן סאַמע סוף. דאָס אַמעריקאַנער פאָלק איז מיט זיין גאַנצן ווילן אַנטשלאָסן אָנצוגיין מיטן קאַמף, ביז מיר וועלן זיין בכח אָן רחמנות דערלאַנגען דעם שונא אַזעלכע קלעפּ, וואָס וועלן פאַרזיכערן אַ פולשטענדיקן זיג, און מיטן זיג ברענגען אַ נייעם טאָג פאַר אַלע מענטשן פון דער גאַנצער ערד, וואָס האָבן ליב פרייהייט

דאָס איז אַ קאַמף צווישן אַ שקלאַפן־וועלט און אַ פרייער וועלט. פונקט ווי די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אין 1862 ניט געקאָנט בלייבן האַלב־פאַרשקלאַפט און האַלב פריי, אַזוי מוז די וועלט אין 1942 ענדגילטיק אַנט־שליסן, אַז דער איצטיקער קאַמף ווערט געפירט ביז אַ פולשטענדיקן זיג פון איין צד אָדער דעם צווייטן.

בעת מיר טרעטן אריין אין די לעצטע שטופעס פון אָט־דעם קאַמף אויף לעבן און טויט צווישן דער פרייער וועלט און דער שקלאַפן־וועלט, איז כדאי אָפּצופרישן אין אונדזער זכרון ווי אַזוי די פרייהייט פאַר דעם פּשוטן מענטשן איז אַנטשטאַנען און האָט זיך אַנטוויקלט. די אידייע פון פרייהייט — די פרייהייט, וואָס מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן קאָנען אַזוי גוט און האָבן אַזוי ליב — שטאַמט אָפּ פון דער ביבל, וועלכע שטרייכט אַזוי שטאַרק אונטער די ווירדע פון יעדן מענטשן. דעמאָקראַטיע איז דער איינציקער אמתער פּאָליטישער אויסדרוק פון קריסטנטום.

מר. וואלאס האָט דערקלערט, אז „די אלטע דעמאָקראטיע האָט ניט געדינט ווי א גאראנטיע פון שלום ; די נייע דעמאָקראטיע, אין וועלכער די פעלקער פון די פאראייניקטע שטאַטן און רוסלאַנד זיינען אזוי טיף פאַר־אינטערעסירט, מוז אונדז אזא גאראנטיע געבן... די גרייטקייט אונטער־צושטיצן א וועלט־סיסטעם אָפּצוהיטן דעם וועלט־שלום דורך גערעכטיקייט, געשטיצט אויף נויטיקער מאכט, איז פונדאַמענטאַל פאר דער דעמאָקראטיע פון דעם פּשוטן מענטשן אין אָט־דער צייט פון עראָפּלאַנען.”

צום סוף פון זיין רעדע האָט דער וויים־פּרעזידענט באַהויפּטעט : „די נייע דעמאָקראטיע איז לויט איר סאַמע איינשטעלונג א שונא פון אימ־פּעריאַליזם, און לויט איר סאַמע איינשטעלונג טראַכט זי אין אינטער־נאַציאָנאַלע טערמינען און איז אומגעהויער פאראינטערעסירט צו הויבן די פּראָדוקטיוויטעט און דורך דעם דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. אויפן ערשטן פּלאַץ קומט טראַנספּאָרטאַציע, נאָך דעם פאָלגט נאָך א פאַרבעסערטע אַגריקולטור, אינדוסטריאַליזאַציע און דאָרפישע עלעקטריפיקאַציע. די גרויסע עראָפּלאַנען און די געשולטע פּילאָטן, וואָס מיר וועלן פאַרמאָגן, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן אונדז אַריינפירן אין א זעלטענער צוקונפט אריין אזוי זיכער ווי נאָך דער נאַכט קומט דער טאָג. מיר קאָנען פון איר מאַכן א צוקונפט פון א נייער דעמאָקראטיע געבויט אויפן יסוד פון שלום. און ווי מאָלאָטאָוו האָט אזוי קלאָר אָנגעוויזן, קאָן אָט־די בראַווע פרייע וועלט, וואָס דאַרף קומען, ניט געשאַפן ווערן בלויז פון די פאראייניקטע שטאַטן און פון רוסלאַנד.

„קיין שום ספק ניט, אז כינע וועט אויסאיבן א שטאַרקן איינפלוס אויף דער וועלט, וואָס וועט אַרויסקומען פון דער מלחמה, און ביים אויסאיבן דעם איינפלוס איז זייער מעגלעך, אז די פּרינציפּן פון סון יאַט סען וועלן זיין אזוי באַדייטנדיק ווי די פון וועלכן עס איז אַנדערן מאָדערנעם שטאַטסמאַן.”

וויים־פּרעזידענט וואלאַס האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער : „כדי די פאראייניקטע פעלקער זאָלן אויף א ווירקזאַמען אופן דינען דער וועלט, איז עס פון לעבנס־נויטווענדיקייט, אז די פאראייניקטע שטאַטן און רוסלאַנד זאָלן זיין אין פולער הסכמה וועגן די רודימענטן פון א דויערנדיקן שלום, וואָס שטיצט זיך אויף די שטרעבונגען פון דעם פּשוטן מענטשן. איך בין דאָ מיט אייך היינט נאָכמיטאָג, כדי אייך צו זאָגן, אז איך גלויב, אז די אַמערי־קאַנער און רוסישע פעלקער קאָנען און וועלן אויסאיבן זייער איינפלוס, כדי אויפצובויען א נייע דעמאָקראטיע, וואָס וועט ווערן די האָפענונג פון דער גאַנצער וועלט.”

„דער פּרינציפּ פון עטנישער דעמאָקראַטיע איז געווען די באַזע פאַר פּרעזידענט רוזוועלטס פאָראָדערונג, וואָס פאַרווערט ו'אַסן־דיסקרימינאַציע ביים אָנשטעלן אַרבעטער אין דער אינדוסטריע פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג. רוסלאַנד איז מסתמא אַוועק ווייטער ווי וועלכעס עס איז אַנדער פאָלק אויף דער וועלט אין איר אָנווענדונג פון עטנישער דעמאָקראַטיע. מיר קאָנען אַ סך לערנען פון די רוסן, ווייל אומגליקלעכערווייז האָבן די אַנגלאָ־זאַקסן געהאַט אַזאַ מין באַציאונג צו אַנדערע ראַסן, וואָס האָט זיי געמאַכט אויסערגעוויינלעך אומבאַליבט אין אַ סך ווינקלען פון דער ערד. מיר" — האָט מר. וואַלאַס דערקלערט — „מיר האָבן זיך ניט דערקייקלט צו דער וואַנזיניקער מדרגה פון נאַצישן מיט (לעגענדע) וועגן ראַסן־סופּעריאָריטעט, אָבער מיר האָבן גענוג געזינדיקט און אונדזערע זינד האָבן אונדז געקאָסט צענדליקער טויזנטער ווערטפולע לעבנס. עטנישע דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל קומען פון גאַנצן האַרצן, איז די גרעסטע נויטווענדיקייט צו ראַטעווען די אַנגלאָ־זאַקסישע טראַדיציע."

נאָך דעם האָט מר. וואַלאַס אונטערגעשטעלט דערציאונג ווי אַ פּערטע דעמאָקראַטיע. ער האָט געזאָגט ,אַז „אַ דאַנק דעם, וואָס סטאַלין האָט אָנגעווענדט זיין פולע ענערגיע צו אַנטוויקלען די דערציאונג־דעמאָקראַטיע, איז רוסלאַנד איצט בכח זיך אַנטקעגנשטעלן דייטשלאַנד. אין משך פון לאַנגע דורות האָט דאָס רוסישע פאָלק געדורשט זיך אויסצולערנען לייענען און שרייבן, און ווען לענין און סטאַלין האָבן זיי נאָר געגעבן די מעגלעכקייט האָבן זיי זיך אין משך פון איין דור געביטן פון אַ פאָלק מיט 90 פּראָצענט בעזגראַמאָטנע אין אַ פאָלק פון וועלכן 90 פּראָצענט קאָנען לייענען און שרייבן. רוסלאַנד באַוואונדערט זייער שטאַרק די אַמעריקאַנער סיסטעם פון טעכנישער דערציאונג און פאָלקס־ביבליאָטעקן. אויב זי זאָל קאָנען אין די קומענדיקע צוואַנציק יאָר ווייטער אָנגיין מיט דער אַנטוויקלונג און מיט דעם פּראָגרעס, וואָס זי האָט געמאַכט די פאַרגאַנגענע צוואַנציק יאָר, וועט זי איבעריאָגן די פאַראייניקטע שטאַטן."

מר. וואַלאַס האָט נאָך דעם גערעדט וועגן אַ פינפטער דעמאָקראַטיע — די דעמאָקראַטיע פון די געשלעכטער... „די מלחמה־דערפאַרונג פון רוסלאַנד האָט קלאָר באַוויזן, וואָסער פולשטענדיקער דורכפאַל מיר זיינען געווען... מיר אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן ווייט ניט אין דער זעלבער מאָס ווי די רוסן געשעפּט פון דעם ריזיקן רעזערוו, וואָס מיר האָבן אין אונדזערע פרויען, אָבער איידער די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן, וועלן מיר מסתמא זיין געצוואונגען געבן אונדזערע פרויען זייער געלעגנהייט צו באַוויזן, אַז מיט דער נויטיקער צוגרייטונג זיינען זיי גלייך מיט די מענער אין מערסטע אַרבעטן."

# די נייע דעמאָקראַטיע

(הויך־פּונקטן פון דער רעדע פון הענרי א. וואַלאַס,

געהאַלטן דעם 8טן נאָוועמבער, 1942.)

אויפן קאָנגרעס פאַר אַמעריקאַנער־סאָוועטישער פריינטשאַפט (זונטיק, דעם 8טן נאָוועמבער, 1942, אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן, ניו יאָרק), האָט וויים־פּרעזידענט וואַלאַס נאָך מער אויסגעברייטערט זיין געדאַנק ,וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אין דער רעדע וועגן „יאָרהונדערט פון פּשוטן מענטשן".

נאָך דעם ווי וויים־פּרעזידענט וואַלאַס האָט אין וואַרעמע ווערטער אָפּ־געשאַצט דעם הערָאאישן בייטראָג, וואָס דאָס רוסישע פאָלק און זיין רויטע אַרמיי האָבן געמאַכט פאַר דעם קאַמף פון די פאַראייניקטע פעלקער, האָט מר. וואַלאַס דערקלערט : „עס איז נישט קיין צופאַל, אַז אַמעריקאַנער און רוסן געפעלן איינער דעם אַנדערן, ווען זיי באַקענען זיך בעסער. ביידע פעלקער זיינען געפורעמט געוואָרן אין דער גרויסער רחבות פון אַ רייכן קאָנטינענט."

מר. וואַלאַס האָט געזאָגט, אַז „אַ דאַנק דעם דורשט נאָך פּראָגרעס, וואָס דאָס רוסישע פאָלק האָט פאַרמאָגט, זיינען די רוסן געווען בכח זיך אויס־לערנען אין 25 יאָר דאָס, וואָס האָט אונדז אין אַמעריקע גענומען אַ יאָר־הונדערט צו דערגרייכן".

דער וויים־פּרעזידענט האָט באַוויזן, אַז „דער בונד צווישן דעם סאָ־וועטישן און דעם אַמעריקאַנישן פאָלק איז ניט בלויז אַ פאַרבאַדינג פאַרן זיג איבערן פאַשיזם, נאָר איז אויך אַ פאַרבאַדינג פאַר דער אויפשטעלונג פון דער נאָך־מלחמה־וועלט פאַרן פּשוטן מענטשן. דאָס ערשטע ווערט באַ־שטעטיקט דורך די גרויסע קרבנות, וואָס דאָס רוסישע פאָלק האָט שוין געבראַכט פאַר דעם אַלגעמיינעם קאַמף ; דאָס לעצטע שטיצט זיך אויף די אָנשטרענגונגען פון ביידע פעלקער פאַר דעמאָקראַטיע און עקאָנאָמישער זיכערקייט."

מר. וואַלאַס האָט ווייטער גערעדט וועגן פּאָליטישער, עקאָנאָמישער און עטנישער דעמאָקראַטיע. עטנישע דעמאָקראַטיע, האָט ער פאַרטייטשט, „איז, לויט מיין אָפּשאַצונג, אַ לעבנס־נויטווענדיקייט פאַר דער נייער דעמאָקראַטיע, די דעמאָקראַטיע פון דעם פּשוטן מענטשן. עטנישע דעמאָקראַטיע מיינט פּשוט, אַז די פאַרשיידענע ראַסן און עקאָנאָמישע גרופּעס מוזן קריגן גלייכע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן.

# אַ ר יי נ פ י ר

עס פאַלט טיילמאָל אויס אויפן גורל פון איין באַזונדער מענטשן, אַז ער זאָל אויסדריקן די געדאַנקען און די טיפסטע שטרעבונגען פון מיליאָנען פּשוטע מענטשן, פון וועלכע איך בין איינער.

ווען דאָס פּאַסירט — און עס פּאַסירט ניט אָפט — ווערן זיינע ווערטער געהערט איבער דער גאַנצער ערד, און דער גאַנג פון דער געשיכטע בייט זיך.

לויט מיין מיינונג, איז די גרויסע רעדע פון וויצע־פּרעזידענט הענרי א. וואָלאַס, אין וועלכער ער האָט אויסגעלייגט דעם פּלאַן פאַרן יאָרהונדערט פון פּשוטן מענטשן, אַזאַ היסטאָרישע דעקלאַראַציע.

איך רעקאָמענדיר יעדן איינעם, וועלכער גלויבט, אַז מיר קאָנען בויען אַ בעסערע וועלט, אויב מיר זאָלן נאָר קאָנען איבערזעצן אונדזערע טיפסטע אַספּיראַציעס אין מעשים, ער זאָל די רעדע פאָרזיכטיק און מיט סימפּאַטיע שטודירן.

אין נאָמען פון די 600,000 מיטגלידער פון דער „יונייטעד אויטאָמאָביל וואָרקערס אָוו אַמעריקע" (סי. איי. אָ.), די גרעסטע אַרבעטער־יוניאָן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, סאַלוטיר איך הענרי א. וואָלאַס פאַר זיין היסטאָרישן ביטראָג צום מענטשלעכן געדאַנק, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן דאָס לעבן.

**ר. דזש. טאָמאַס**, פּרעזידענט,

„יונייטעד אויטאָמאָביל וואָרקערס אָוו אַמעריקע" (סי. איי. אָ.)

# פאָרוואָרט

אין אָט דער מלחמה פון גאנצן ערד־קוגל איז דער פשוטער מענטש דער ערשטער אין קאַמף און אין דער פּראָדוקציע. די כחות וואָס ארבעטן פאַר אים זיינען אומגעהויער. עס ווירקן באַוועגונגען און אידייעס, וואָס האָבן אויסדרוק אין — קראַפט. מען זאָגט, אז דעם פאָלקס א מלחמה איז ניט קיין פוסטער קאַמף. אָדער די פיר פרייהייטן וועלן איבערבויען די מאָדערנע וועלט, בעת קאָנטינענטן הערן זיך צו איינער צום אנדערן טאָג־און־נאַכט און מענטש פליט איבער די אָקעאַנען טאָג־נאָך־טאָג, און אויב נישט קאָן דער מענטש פון אונדזער צייט ניט האָפן און ניט דערוואַרטן מער ווי א וועלט־מלחמה פאַר יעדן דור.

אין אָט־דער רעדע פון הענרי א. וואַלאַס וועט איר געפינען דעם ענטפער צו דעם „ווי אזוי" און „פאַרוואָס" דאָס איז אזוי. ער קאָן די מאָדערנע טעכנאָלאָגיע, און זיין דערפינדונג פון א נייעם קאָרן איז א טייל פון איר. אים איז אויך באַקאַנט א גרויסע אידייע, ארום וועלכער מענטשן קאָנען זיך צונויפזאמלען.

אויב עס דוכט זיך, אז ער מאַכט גרויסע צוזאָגן, איז עס דערפאַר, ווייל ער האָט גרויסע האָפענונגען און א טיף געבעט אין הארצן. ווי דאָס וואָרט פון א מענטש, שטייט זיין וואָרט העכער פון פּאַרטייאישע צילן און קליינלעכע אמביציעס. ווי א רעדע, גיט זי זיך אָפּ מיט דער לעבעדיקער געשיכטע און דער מענטש וועט זי לאַנג געדענקען.

**קאַרל סאַנדבורג.**

# דאָס יאָרהונדערט

## פון דעם

# פאָלקס-מענטש

צוויי רעדעס פון


## הענרי א. וואַלאַס

ווייס-פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן


אילוסטרירט פון

הוגאָ געלערט


JEWISH-AMERICAN SECTION
INTERNATIONAL WORKERS ORDER
NEW YORK

**אָנערקענונג:**

אַ רעדע געהאַלטן פאַר דער „פרי וואָרלד אַסאָסיאיישאָן", ניו יאָרק, מאַי 8, 1942.

אַ רעדע געהאַלטן פאַרן קאָנגרעס פון אַמעריקאַנער־סאָוועטישער פריינטשאַפט, ניו יאָרק, נאָוועמבער 8, 1942.

# דאָס יאָרהונדערט
## פון דעם
# פאָלקס-מענטש

צוויי רעדעס פון


## הענרי א. וואַלאַס

ווייס-פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן

אילוסטרירט פון

הוגאָ געלערט